י. ח. ברענער

# אַרום אַ פּינטעלע

ראָמאַן

פון העברעאיש — ב. סלוצקי



# א.

— אַלזאָ, שלמה, ווען מיר, הייסט עס, אין גיכן זיך זעהן דאָרט? אַ־יאָ? דו וועסט קומען צו מיר און ניט איך צו דיר. געדענק־זשע, זונעניו!

יעקב אַבראַמזאָן האָט שטאַרק געדריקט מיט זיין שווערער מאָגערער האַנט די צאַרטע, ווייכע מיידלשע האַנט פון זיין תּלמיד שלמה פרענקל און דער פּנים האָט אים געשיינט, אַרויסרעדנדיג מיט אַ געלעכטערל און מיט ליבע דאָס וואָרט „זונעניו". זיינע ליכטיגע און פרעהליכע אויגן האָבן גלייך אַריינגעקוקט שלמהן אין פּנים אַריין, און ביסלאַכווייז האָט אויך שלמה, וואָס איז ביים אָנהויב געזעגענען געווען ווי אומעטיג, זיך אָנגעשטעקט מיט זיין לערערס פרעהליכער שטימונג. ער האָט זיין רעכטע האַנט געלאָזט ליגן אין יעקבס, און מיט דער לינקער האָט ער מיט אַן אַריסטאָקראַטישער באַוועגונג אַראָפּגעצויגן דעם קאַראַקולענעם קאָלנער פון פּאַלטאָ און אַ זאָג געטאָן:

— די בריוו, אַבראַמזאָן... די בריוו...

— געוויס, געוויס! — האָט אַבראַמזאָן פרעהליך אויפגערעגט אָפּגעענטפערט, — דאַרפסט דאָס מיר ניט אָנזאָגן. געוויס וועל איך דיר ניט שיקן די בריוו אויף דיין פאָטערס נאָמען. איך וועל דיר באַלד אָנשרייבן. ווי נאָר איך וועל קומען אַהין, וועל איך נעמען זוכן פאַר דיר אַן אָרט און דיר געבן צו וויסן. און דאַן, ווי גאָט וועט געבן! עפּעס אַ קלייניגקייט די מצוה פון פּדיון שבויים*) און שילוח הקן**) אין איין גאַנג? לאָזן

*) אויסלייזן געפאַנגענע.

**) אין דער תּורה שטייט, אַז דער, וואָס כאַפּט פויגעלאַך, דאַרף לאָזן פריי די מוטער און נעמען נאָר די קליינע פויגעלאַך.

זאָלסטו אָפּלאָזן דעם פּאָטער — און די קינדער זאָלסטו נעמען זיך! וועט דאָס זיין אַ לעבן!.. ממש, ווי דער בעל־שם־טוב אין יענעם ראש־השנה תק״ז, ווען ער האָט געהאַט עלית נשמה. געדענקסט די „גרויסע שמחה״? נו־זשע, שלמהלע, געדענק, זיי אַ מענש און אַ קעמפּער!

דורך דער אָפענער טיר פון וואַגאָן האָט זיך אַריינגעריסן אַ שטאַרקער און קאַלטער טבת־ווינט. פון אונטן האָט אַ האַמער געקלאַפּט איבער די רעדער. די צוויי פריינט, וואָס האָבן זיך געזעגנט, זיינען געשטאַנען נעבן דער טיר אין אַ ווינקעלע. דער וואַגאָן איז פול געפּאַקט געוואָרן מיט מענשן. אַ סך זיינען געשטאַנען צונויפגערוקט צווישן די בענק. נאָר אין דער מיט האָבן זיך צוויי סוחרים־שותפים ברייט צעלעגט מיט זייערע פעלצן, קישנס, פּעקלאַך און סאַקוואָיאַזשן אויף צוויי ברייטע בענק און האָבן קיינעם ניט צוגעלאָזט צו זיך. — „קענטיג דאָס זיינען ניט קיין צופעליגע רייזנדער״, — האָט אַבראַמזאָן אַ רגע אַ טראַכט געטאָן, באַמערקנדיג זיי, — און באַלד זיי אינגאַנצן פאַרגעסן. אים האָט ניט געקימערט די ענגשאַפט אין וואַגאָן, ווייל די שטאָט א., וואוהין ער איז געפאָרן, איז ניט ווייט געווען פון דער דאָזיגער סטאַנציע און ער האָט זיך ניט געכאַפּט צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ פאַר זיך. אַ רוהיגער און איינצייטיג אַן אויפגערעגטער, האָט ער ניט אַרויסגעלאָזט דעם חברס האַנט און ווייטער גערעדט.

שלמה פרענקלען האָבן געפינטלט אין די אויגן די קליינע שוואַרצע אותיות אויף דער גרויסער רוסישער צייטונג „ביר־זשעוויע וויעדאָמאָסטי״*), וואָס האָט זיך געוואַלגערט צופוסנס ביי איינעם פון דעם פּאָרל סוחרים־מעקלערס.

די דאָזיגע פיס זיינען געווען אין וואָלענע זאָקן, אָן שיך, און אויף העלפט צוגעדעקט מיט אַ קאָלדרע, און דאָס פּנים האָט אויס־געזעהן, ווי ביי אַ מענשן, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט בדעה זיך איבערקערן אויף דער צווייטער זייט.

---

*) „בערזע־ידיעות״.

— הער נאָר, שלמהלע, הער! — האָט אַבראַמזאָן גערעדט צו זיין חבר מיט אַ פֿליסטערדיגן אויפֿגערעגטן קול, — בקיצור, דאָ האָט דיין לעבן קיין זינען ניט. אַזאַ לעבן איז ניט ווערט קיין גראָשן... אַ כּלל, דו דאַרפֿסט אַוועקפֿאָרן פֿון דאַנען. דער עיקר איז צו וויסן, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַן אַנדער באַגייט לעבן, אַז דיין אָרט, זונעניו, איז אין דער דאָזיגער וועלט, אין דער ליכטיגער וועלט פֿון שאַפֿן.

— העי, יונגע לייט!.. פֿאַרמאַכט די טיר!..

דאָס איז געווען דאָס קול פֿון יענעם סוחר, וואָס איז געזעסן האַלב אָנגעלענט אויף דעם ווענטל פֿון דער באַנק, אַ קול פֿול מיט טיפֿן צער, גלייך מ׳וואָלט אים דאָס לייב מיט נאָדלען געשטאָכן. זיין חבר, אָבער, איז מער צוגעלאָזן צו מענשן. ער האַלט אויך אַפֿילו, אַז אַלע פּאַסאַזשירן זיינען באַשאַפֿן געוואָרן נאָר כּדי צו פֿאַרמאַכן די טיר פֿון זיינעטוועגן, ער זאָל זיך, חלילה, ניט פֿאַרקילן. אָבער די דאָזיגע מיינונג זאָגט ער נישט אַרויס און שווייגט: ער איז פֿאַרנומען מיט דער אַכילה און האָט אַ פֿול אָנגעשטאָפּט מויל.

ער שניידט מיט אַ שען, שאַרף און גלאַט מעסערל דעם פֿעטן וואורשט און יעדער דין און קיילעכדיג שטיקל לעגט ער אַריין אין מויל פֿאַמעליך און מיט גרויס כּוונה, קייעט און אַרבעט מיט די באַקן צופֿרידן, ווי אַ געזעצטער באַלעבאָס, וואָס לעבט בשלום מיט דער גאַנצער וועלט. נאָר, ווען עמיץ האָט געפּרואווט אַנידערלעגן נעבן אים זיינע זאַכן, אָדער געהאַט די העזה צו באַמערקן, זאָל זיין אַפֿילו אַזוי זיך, פֿאַרביי־גייענדיג, אַז ס׳איז ניט קיין יושר, איינער זאָל פֿאַרנעמען אַלע ערטער און ניט לאָזן קיין שטיקל פּלאַץ פֿאַר אַנדערע — פֿלעגט ער, דער פֿרידליכער מענש, ענטפֿערן מיט אַן ערנסטער מינע און אַ ביסל אָנגעברוגזט, אַז אים דאַרף מען ניט לערנען קיין יושר, אַז ער ווייסט זיינע רעכט; און אַז דער, וואָס האָט אים געלערנט דרך ארץ, איז געווען, לויט זיין הילוך, אַ קבצן, האָט ער זיך ניט געפּוילט צוגעבן אַ פּאָר

האַרבע ווערטער, אַז קעגן עזותניקעס און סקאַנדאַליסטן זיינען פאַראַן זשאַנדאַרמען אויף דער וועלט.

די טיר איז געבליבן אָפן. אַן אַלטער אָפּגעריסענער ייד האָט זיך אַריינגעשטופּט אין וואַגאָן אַריין און געוואָלט זיך צוזעצן נעבן סוחר, וואָס האָט געאַכלט, אָבער דער סוחר האָט אים מיט חרפּה אָפּגעטריבן פון זיך. אַבּראַמזאָן האָט גלייך באַפרייט פאַרן יידן דאָס שטיקל פּלאַץ, וואָס ער האָט פאַרנומען מיט זיין רענצעלע ביים אַריינגיין אין וואַגאָן, און האָט זיך תיכּף ווידער גענומען צום שמועס. פּרענקל האָט זיך שוין ניט איינגעהערט — ער איז געווען שרעקליך אין כּעס. ער מוז אָנלערנען דעם דאָזיגן בייכיגן יידן. ער וועט נעמען אַבּראַמזאָנס רענצעלע, וואָס האָט קיין אָרט ניט, און וועט עס אומיסטן אַוועקלעגן נעבן יענעם פאַרשוין. ער וואָלט אַ בעלן געווען זעהן, צי וועט דער דאָזיגער מיאוסער תקיף דערוועגן זיך שטעלן קעגן אים, קעגן פּרענקלען, וואָס די גאַנצע סטאַנציע קאָן אים דאָ. זאָל נאָר אַבּראַמזאָן זיך ניט מישן... ער, שלמה, וועט עס שוין אַליין אָפּטאָן, אַליין... ער שפּייט אויף דעם דאָזיגן מגושמדיגן יידן און אויף אַלע זיינע זשאַנדאַרמען אינאיינעם.

— גוט אַזוי, בּחור, — איז דער אָפּגעטריבענער ייד, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט פאַרשעמט און דערשלאָגן, געוואָרן ביי זיך שטאַרקער.

נאָר, אַז ער האָט באַמערקט, אַז דער בּחור קוקט אויף אים אויך בּרוגז, האָט ער זיך געווענדעט צו אַבּראַמזאָנען מיט אַ חניפהדיג און דאַנקבּאַר שמייכעלע:

— משיחס צייטן... יונגע האָבּן קיין דרך ארץ ניט פאַר אַלטע לייט... אַ שטייגער, וואָס קאָן איך טון? וואָס בּין איך, איך זאָל זיך מיט אים לאָדן? די זשאַנדאַרמען... כאָ-אָ-אָ... די זשאַנדאַרמען ווייסן נאָר דאָס, וואָס זיי זעהען מיט די אויגן... וואָס, ניט אַזוי, יונגערמאַן? כאָ-כאָ...

— ניין! — האָט פּרענקל ווייטער געטענהט צו אַבּראַמזאָנען און זיך ניט אומגעקוקט אויפן יידל מיט זיין חניפהלע, וואָס איז

אים געווען דערווידער,—פֿאַרוואָס זאָל יעדע בהמה טרעטן מיט די פֿיס די גערעכטיגקייט?

— יעדער חזיר — כאַ־אָ־אָ, — האָט דער אַלטער זיך גע־וואָלט צוחנפֿהנען צו אַבראַמזאָנען.

— פֿאַרוואָס זאָלן מיר פֿאַרשווייגן יעדן מנוול, — האָט פֿרענקל צוגעגעבן, זיך אויסגעקערעוועט מיטן רוקן צום יידן, — וואָס מישט זיך אין פֿרעמדע געשעפֿטן? — אַבראַמזאָן האָט אָנגעהויבן אונטערצורוקן זיין רענצעלע אונטער דער באַנק און ניט באַמערקט די דאָזיגע „באַוועגונג" פֿונם אויפֿגערייצטן, יונגן מאַן, — פֿאַרוואָס זאָלן מיר פֿאַרשווייגן, בעת מיר קאָנען ווייזן אָט אַזעלכע ברואים, אז זיי האָבן צו טון ניט מיט קיין קליינע קינדער? מיר קאָנען אויך די זשאַנדאַרמען פֿון דער סטאַנציע. איך וועל אים ווייזן ווער איז מער תּקיף...

— גוט, — האָט אים אַבראַמזאָן באַרוהיגט, — מ׳דאַרף אָבער ניט.

— פֿאַרוואָס? דו מיש זיך ניט... איכ׳ל...

— גוט, גוט, — האָט זיך אַבראַמזאָן הויך צעלאַכט, — אַב־ראַמזאָן ווייסט אַזוי אויך, אַז ער, שלמה, איז ניט קיין פּחדן, אָבער נאָך אַ קינד! וויפֿיל איז ער אַלט? אַכטצעהן יאָר? אַכט־צעהן יאָר און אַזאַ קינד! דאָס פּאַסט עפּעס ניט פֿאַר קיין יידן. דאָס אויסדערוועהלטע האָט דאָך קיין קינדער ניט. ער האָט אַ פֿריינט אין א., אוריאל דאַווידאָווסקי רופֿט מען אים, האָט ער צו אַכטצעהן יאָר שוין געקאָנט שאָפּענהויערן... בקיצור: אַ קינד, נאָר ניט קיין פּחדן און דעריבער האָט ער, אַב־ראַמזאָן, קיין מורא ניט אים איבערצולאָזן דאָ. ער איז זיכער אין אים. ס׳איז אים נאָר שווער זיך צעשיידן מיט אים אַפֿילו אויף עטליכע וואָכן. ס׳טוען אים באַנג אויך די איבעריגע תּלמידים זיינע, וועלכע ער וואָלט געקאָנט ברענגען נוצן, אָבער וואָס זאָל מען טון? דאָ קאָן ער דאָך שוין בשום אופֿן ניט בלייבן. נאָך אַ ביסל, וועט מען אים, אויב ניט „פֿאַרשטיינען", איז אַרויסטרייבן... דאָס וועט סוף כּל סוף געשעהן, אויב ער

ווען בלייבן — איז וואָס־זשע זאָל ער וואַרטן נאָך ? מיט ווייניג נסיונות איז ער געפּרואווט געוואָרן אויף זיין לעבן ?..

שלמה האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד און אַ זאָג געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַריין, ווי אָן שום שייכות צום שמועס:

— ע, ווען די מאַמע זאָל לעבן...

— געוויס, געוויס, — האָט אים אַבראַמזאָן באַגייסטערט אונטערגעהאַלטן, ניט הערנדיג גוט, וואָס ער האָט געזאָגט, — יאָ, ווען די מוטער זאָל לעבן, דאַן, דאַן... ווער ווייסט, שלמהלע, אפשר וואָלט דיר דעמאָלט נאָך שווערער געווען אָפּצופּאָרן פון דער היים. איך פיהל גוט, ווי דאָס איז שווער, מיין זון, גלייך מיט דיר און אפשר נאָך מער פון דיר... ווי די מעשה איז... וואוהין קוקסטו ?!.. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, איצט בין איך זיכער, אַז דו וועסט ניט זיין ניט קיין געניטער סוחר און ניט קיין רב...

און אַבראַמזאָן האָט ווידער אויסגעשאָסן מיט אַ פרעהליכן און לאַנגן געלעכטער, נאָר צום סוף איז ער צעמישט און אומעטיג געוואָרן. אָט איז ער. ער האָט אויך אַ פאָטער. האָט נאָך אַ מוטער אויך. און ער פאַרשטעהט: יסורים. אָבער — דאָס אַליך איז ניט דער עיקר. דו האַלט זיך ביים כלל: אַ מענש דאַרף זיך ניט מיהען צו באַפרייען זיך פון צער און ליידן. דאָ גייט ניט אין די יסורים. דער עיקר: — דערהויבן דאָס לעבן. זיין אַלטער פאָטער איז אַ שוחט אין זיין געבורטסשטעטל — און מיט וואָס קאָן ער, אַבראַמזאָן, אים העלפן ? האָט ער געלט, — שיקט ער אים אַ פּאָר רובל. אָבער ער ווייסט, אַז מיט די עטליכע מטבעות קויפט ער ניט אויס די זינד און וועט ניט קלענער מאַכן דעם וועהטאָג. נאָר וואָס קאָן ער טון ?

— דאָרט איז די פאַרגאַנגענהייט, — האָט אַבראַמזאָן צוגעגעבן, — און מיר, שלמה, מיר, מיר זיינען דאָך... די קינדער פון דער צוקונפט !..

---

— מע האָט געגעבן דעם ערשטן קלונג.

— נו, איך וועל אַראָפּגיין, אַבּראַמזאָן...

— גיי אַראָפּ, אָבּער מיט איין תּנאי, זיך ווידער אויפצו־הויבּן, מיין זון, אויפצוהויבּן זיך, שלמהלע, נו, וואָס?.. בּיזט מיר מקנא?.. וואָס בּיזטו ווידער אומעטיג געוואָרן? ווייסטו דען ניט, אַז טרויעריגקייט שטאַמט פון דעם ניטגוטן, און אַז ס'איז ניטאָ קיין ערגערע קרענק פאַר דער בּת־מלכּה, פאַר דער נשמה, ווי אומעטיגקייט, עט... צערייצטער בּחור, מיר'ן זיך אין גיכן זעהן. אַלץ איז אָן דיר געווענדט...

— אַי, דער צווייטער קלונג...

— נו, שלמה, זיי־זשע נאָך אַמאָל געזונט. געדענק אָן זיך... וואַרט אויף מיינע בּריוו.. גרים פון מיינעטוועגן דיינע קליינע בּרידערלאַך...

— און דו, אַבּראַמזאָן, גיבּ איבּער אַ גרוס פון מיר יעוואַ איסאַקאָווּנאַ... זאָג איר...

דער גלאָק האָט געגעבן דעם דריטן קלונג, שלמה איז שנעל אַראָפּ פון וואַגאָן, געבּליבּן שטיין אויף דער פּלאַטפאָרמע און בּאַ־גלייט דעם צוג, וואָס האָט זיך גערירט פון אָרט, מיט יונגע, פאַרחלומטע אויגן און מיט אַ בּענקעניש נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז נישטאָ. זיינע ליפּן זיינען געווען שטאַרק צוזאַמענ־געפּרעסט און געטרוימט האָט ער וועגן יענעם טאָג, ווען ער וועט אַוועקפאָרן אַהין, דאָרט וואו ער וועט זעהן יענע, „וואָס האָט אויך קיין מאַמען ניט"... חוהן.

## ב.

די ווינטערדיגע בין־השמשות שעה רוקט זיך אָן. אַבּראַמזאָן איז געבּליבּן שטיין אין וואַגאָן אין אַ ווינקעלע בּיים ערשטן פענ־סטער. שטייט, קוקט און טראַכט, ווי זיין שטייגער שטענדיג, און אַרום אים קנאַקנדיגע מיילער, זאַכן ווערן איבּערגערוקט פון אָרט אויף אָרט און עפּעס אַן אויסגעצויגענער געגעץ הערט זיך און אַן אומגעדולדיג בּרומען: האָ־אָ־אָ... וואָס פאַר אַ סטאַנציע וועט דאָס זיין?...

די שטאָט א., וואוהין אַבּראַמזאָן פאָרט, וואוהין דער צוג טראָגט זיך מיט אַ טראַסק און איילעניש, איז איינע פון יענע שטעט, וואָס דאָס רוב איינוואוינער זייערע זיינען יידן און די פאַסאַזשירן אויף יענעם בּאַן זיינען אויך כמעט דורכאויס יידן. אויך איצט איז צווישן דער גרויסער צאָל פאַסאַזשירן געווען נאָר איין קריסטליכע פאַמיליע, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקעלע אַנטקעגן אַבּראַמזאָנען. און יעדער מאָל, ווען עמיץ פון די יידישע פאַסאַזשירן האָט אויסגעשריגן אויף רוסיש: „בּאָזשע סאָכראַני!“ „פּאָזשאַלוסטאַ“, „וו טאַקאָם סלוטשאַיע“ וכדומה, האָט אַבּראַמזאָן בּאַמערקט, ווי די מוטער פון דער דאָזיגער בּכבודיגער פאַמיליע פלעגט אַ שטופּ טון מיטן עלנבּויגן איר בּלאָנדע טאָכטער, זי זאָל זיך צוהערן צו דער אויסשפּראַך פון די שרייענדיגע יידישע פרויען. צום גליק, אָבּער, פלעגן אירע אויגן אין אַ רגע אַרום זיך פלוצים אָפּשטעלן אויף דער קאָ־קאַרדע פון איר מאַן דעם בּאַאַמטן, וואָס איז געזעסן און גע־דרימלט, און אַליין אָנהויבּן איינדרימלען — דעמאָלט האָבּן שוין די יידישע מיידלאַך געקאָנט אומגעשטערט רעדן זייער רוסיש.

קיינער שטערט ניט, און דער סוחר, וואָס איז אָנגעלענט אָן דער באַנק, האָט נאָך־אַמאָל אָנגעהויבן דערציילן זיין חבר, וואָס עסט דעם וואורשט, וועגן די גרויסע אויפטועך פון דעם פריץ, דעם שטאַבאָפיציר און דורכגעטריבענעם סוחר.

— טעקס, טעקס, — קערט ער זיך אום צופרידן צו זיין שמועס און, קענטיג, אַז ער האַלט שטאַרק פון זיין העלד און פיהלט זיך אַליין צוליב די מעשיות, וואָס ער דערציילט פון אים, עפּעס ווי אַ שטיקל מקורב צו גרויסע רוסישע פריצים. — טעקס... סווערדלאָוו האַלט אין איין טענהן: „זי איז מיינע, איר צירונג איז מיינס און אינגאַנצן געהער זי מיר — און אַ סוף!" יאַרמאָלסקי, אָבער, איז אויך נישט קיין יינגעלע. לייקנט ער גאָר אָפּ די גאַנצע געשיכטע: נישט געשטויגן, נישט געפלויגן! ווערט סווערדלאָוו אין כעס און שרייט: „וואָס הייסט, נישט גע־שטויגן?" שפּרינגט אויף און כאַפּט אַראָפּ דעם רעוואָלווער פון וואַנט!...

אַבראַמזאָן איז זיך געשטאַנען אין זיין ווינקעלע, פרעמד צו אַליץ, וואָס אַרום אים. דער שטענדיגער קאָפּוועהטאָג זיינער, וואָס איז איצט, צוליב דער אויפרעגונג, נאָך שטאַרקער געוואָרן, האָט עפּעס ווי באַשירעמט זיין הייליגטום אינעווייניג אין האַרצן פאַר דער דרויסנדיגער טומאה. ער האָט שטאַרק־שטאַרק צוגעדריקט די האַנט צום הייסן שטערן און פעסט צוגעשלאָסן די אויגן, גלייך ער וואָלט וועלן קאָנצענטרירן די גאַנצע וועלט אין זיין גע־דאַנק. פאַר זיינע אויגן האָט געבלאַנקט דער שניי־צודעק, וואָס איז אויסגעשפּרייט געווען איבער אַליץ: דער גאַנצער לופט־רוים, וואָס פון יענער זייט וואַגאָן־ווענטל, איז פול מיט אַ ווייסקייט, מיט אַ לויטערער און פּראַכטפולער ווייסקייט. נעבן אים איז געזעסן דער אָפגעריסענער ייד און האָט זיך בגנבה צוגעקוקט, ווי דער ייד פונם וואורשט ארבעט מיט די באַקן; זיין לאַנגע באָרד, אָבער, האָט דערמאָנט אַבראַמזאָנען אָן זיין פאָטער, ר' יצחק דעם שוחט, אָן זיין פאַרדבקעט זינגען ביים שבתדיגן שחרית־דאַווענען:

— הז״ן וה־ז׳־הר... אי־אי־אי, לחי עולמים!
— הטרם והט׳־הר... בים־באם־באם לחי עולמים!..
די אָפּגעקילטע שעמעוודיגע שטראַלן פון דער ווינטערזון, וואָס פאַרגייט, האָבן, פאַר זייער פאַרשוואונדן ווערן, קרום אַריינגעדרונגען דורך די שויבן, געציטערט אויף די ווענט פון וואַגאָן, און אויך אָנגערירט אין רעכטן ווינקלשטערן דעם יונגן מאַן, וואָס איז געשטאַנען אויסגעצויגן, און אים באַלויכטן...
— יונגער מאַן, — האָט זיין שכן, דער אַלטער ייד, ענדליך געגעבן רוה די באַקן, וואָס האָבן נאָך געמעלה־גרהט, און גענומען באַטראַכטן די אַרומיגע, צי וועט ער ניט געפינען צווישן זיי בעלנים אויף זיין פּאָרשלאָג, — אפשר וואָלט אַ סברה געווען מאַכן אַ מנין און אָפּדאַווענען מנחה, אַ?
אַבראַמזאָנס בערדל, זיינע פשוטע קליידער, זיין באַגיין זיך מיט אים, מיטן אָרימאַן, מיט דרך ארץ און כבוד, זיין האַרציג קול, מיט וועלכן ער האָט אים געענטפערט אויף אַלע זיינע קורצע פראַגעס, — דאָס אַליץ האָט געגעבן דעם אַלטן די האָפענונג, אַז דער דאָזיגער „יונגער מאַן״ וועט זיך ניט אָפּזאָגן פון אַ מנין אויך. דאָס מאָל האָט ער זיך, אָבער, אָפּגענאַרט און קיין מנין איז ניט געוואָרן. און דער „יונגער מאַן״ איז געבליבן שטיין זיך ניט גערירט נעבן פענסטער. אַלע זיינע אָנגעצויגענע האַרץ־פעדים, זיין גאַנצער אינעווייניגסטער מענש, האָבן מתפלל געווען פון זיך אַליין, אין פולקומענער אָפּגעשיידקייט.
אָט איז יענער בערעזעווער וואַלד מיט יענע הויכע גרויסע בוימער, וואָס זיינען דורכגעשוואומען פאַרביי אויף דעמאָלט, צוריק מיט עטליכע חדשים, בעת ער איז געפאָרן אַהין, קיין צ., ווערן דאָרט אַ לערער פאַר באַלעבאַטישע קינדער. שפּעט־יאָר איז דעמאָלט געווען. די בוימער זיינען געשטאַנען אַנטבלויזטע, נאַקעטע און טרויעריגע און דער איצטיגער ריינער און בלאַנקענדיגער שניי איז נאָך ניט געלעגן אויף זיי. און איצט איז ווינטער, און ער קערט זיך אום צוריק. ער קערט זיך אום קיין א. צו אַרבעטן, עפּעס אויפצוטון. זיך לענגער פאַרהאַלטן דאָרטן האָט ער

ניט געקאָנט. האָט געמאַכט אַן אויסטויש: האָט אויסגעביטן דאָס זאַטע, רוהיגע לעבן אויף אַ קליינעם סקאַנדאַל...

— כאַ-כאַ-כאַ! — האָט זיך אויפגעהויבן אין אַבראַמזאָנען אַ שטראָם פון אַ פרישן געלעכטער, בעת זיין שטערן איז אָנגע-שפּאַרט אָן דער קאַלטער שויב געוועזן, — זיי האָבן אים געדונ-גען פּאַר גוטע שכירות, האָבן געדונגען אַן אָרימען עלנטן בחור, אים גוטס געטאָן, יעדן טאָג עסן און טרינקען געגעבן און חודש-געלט אַ צוגאָב... און דאָס אַליץ צוליב וואָס? — צוליב דעם, ער זאָל לערנען זייערע קינדער וואוילגעפעלן זיין גאָט און לייט. און ער, וואָס האָט ער געטאָן? וואָס האָט ער געטאָן, דער אומדאַנק-באַרער? ער האָט פאַר זיינע קליינע תּלמידים, פאַר אָט די דאָזיגע ברעקלאַך קינדער, וואָס מע האָט זיי אים אָפּגעגעבן צו לערנען תּורה, דרך ארץ און השׂכּלה, ער האָט פאַר זיי אויפ-געדעקט גאָר אַנדערע זאַכן, זייטיגע, איבעריגע, וועלכע זיינען ניט געגעבן אַנטפּלעקט צו ווערן...

— כאָ-כאָ-כאָ, — אין אָנהויב איז געגאַנגען אַליץ גלאַט, וואָס בעסער קאָן ניט זיין. זיי האָבן אים ניט געקאָנט, האָבן גאָרניט גע-וואוסט, וואָס ער טוט מיט זיינע קליינע תּלמידים: די לייטישע באַלעבאַטים זיינען מער פון אַליץ געווען פאַרטאָן אין געשעפט, אין קערמעשלאַך. אָבער סוף כּל סוף האָבן זיי זיך אָנגעהויבן דערוויסן וועגן זיינע מעשים. האָבן דערזעהן, אַז ער פאַרטייטשט פאַר זיינע תּלמידים דעם נביאס פּסוק: „די רויב פון אָרימאַן איז אין אייערע הייזער“ — מיט מער חשק, ווי ער לערנט און שטופּט אין זיי אַריין די נויטיגע גראַמאַטיקאַלע-כּללים, די קלוגע מלחמה-מעשׂיות, אַריטמעטיק, געאָגראַפיע און די איבעריגע קענטענישן!

און די שלאַנג איז געווען קלוג און דער סקאַנדאַל שרעקליך! דער דאָזיגער משונה-מאָדנער לערער האָט זיך באַצויגן צו זיינע תּלמידים ניט ווי צו פּוסטע כּלים, וואָס דאַרפן אָנגעפילט ווערן מיט אַלערליי למודים, ווי דער שטייגער איז, נאָר ווי צו יונגע חברים, ווי צו מאַטעריאַל צום שאַפן...

זיי, די תּקיפים, די פּני פון צ„—וואָס ווען נישט דאָס יידיש-

קייט און די פּאָגראָמען אויף דער וועלט, וואָלטן זיי הנאה געהאַט פון זייער כּשרן גוף, פון זייער מעמד, פון די מלחמה־נייס, פון אַליין, אַן אמתע פולע הנאה, — זיי האָבן ניט געקאָנט זיין צופרידן מיט דעם משונה־מאָדנעם בחור, מיטן קבצן דעם משומד, וואָס דינט ביי זיי פאַר אַ שטיקל ברויט!

— און אָט איצט, נאָך אַ קורצער פויזע, קערט ער זיך ווי־דער אום צום הונגער און נויט, און פליסטערט מיט עקסטאַז וועגן זיין איצטיגער באַפרייאונג, וועגן דעם, וואָס ער ווערט ווידער אַ פרייער מענש אין אַ גרויסער שטאָט, וועגן דעם לעבן, וואָס שטייט אים דאָרט פאָר, וועגן זיין איצטיגער שטימונג און וועגן דעם לעבנס רעטעניש בכלל.

די בין־השמשות שעה איז פאַרשוואונדן. אין די וואַגאָן־לאַמ־טערנעס האָט מען אָנגעצונדן חלבנע ליכט. דער צוג איז דורכ־געגאַנגען אין אַ טיפן טאָל. אויפן שוואַרצליכן פענסטער האָבן זיך אָנגעוואַלגערט חושך־בערג, זיילן רויך האָבן זיך געקנוילט, און פונקען פייער — אינם רויך. הו־הו — הו־הו...

דער צוג טראָגט זיך שנעל איבער דעם אייזערנעם בריק, אויפן גרויסן טייך, וואָס נעבן א. אין דער פינסטערניש שוועבן אַדורך גערטענער, וואַך־ביידלאַך, ברונימס, גרין־טונקעלע פענדלאַך, — ס'אַ לעבן!

— מיינע האַרן, אייערע בילעטן! — האָט דער אַריינגע־קומענער קאָנדוקטאָר אויסגערופן מיט זיין געוועהנליכן ניגון, — ווער פאָרט ביז א. ?.. זייט גוט!..

אַבראַמזאָן האָט אָפּגעגעבן דעם בילעט, איז איילנדיג אַרויס אויפן וואַגאָן־פּלעטל און געבליבן דאָרט שטיין. ער האָט מיט אַ פולער ברוסט אַריינגעאָטעמט די פרישע קאַלטע לופט, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן גאַנצן גוף אָן דעם אייזנשטאַב פון פּלעטל. אין געדאַנקען־פּלאָנטער האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס ער האָט איר געזאָגט וועגן זיך אַליין דעמאָלט, ווען ער איז געווען מיט איר אין א. אָט וואָס ער האָט געזאָגט: אויב ער איז לעת־עתּה נאָך ניט דער מענש פון פולער האַרמאָניע, איז אָבער די שטרע־

בונג צו איר זעהר גרויס ביי אים, און ס׳פעלט אויך ניט קיין שטאָף צו שאַפן און פאַרפולקומען זי.

און איין געדאַנק ברענגט אַרויף אויפן צווייטן. זיינע געדאַנקען זיינען אין דער רגע געווען ניט גענוג קלאָר און באַשטימט. דאָס איז געווען אַ מין צאַרט און שעמעוודיג טרוימען־בענקעניש, ווי דאָס בענקעניש פון אַ יונגן מאַן צו זיין אויסדערוועהלטער, וואָס ימים צעשיידן זיי...

צאַרט און שעמעוודיג זיינען געווען זיינע טרוימען וועגן איר, וועגן אָט דער דאָזיגער ווייט־נאָהענטער, וועגן דער, וואָס וואָלט געקאָנט פאַרפולקומען זיין לעבן, באַשיינען עס און דערהויבן, ווען ניט איין פינטעלע, וואָס צווישן זיי — וועגן דער, וואָס אין אָנהויב האָט ער מער ניט ווי נאָר געוואונדערט זיך אויף דער מענשליכער שענקייט אין איר. דערנאָך האָט ער ביסלאַכווייז, פאַר יענער קורצער צייט, וואָס די בשותּפותדיגע און אויפריכטיגע אַרבעט האָט זיי דערנעהענטערט און אירע האָר פלעגן אומגערן אַמאָל אָנרירן זיין פּנים, אָנגעהויבן מורא האָבן, טאָמער וועט ער אַרויסגעבן פאַר איר דורך אַ באַוועג אָט יענעם נייעם שטריך, וואָס אין זיינע געפיהלן און אין זיין באַציהונג צו איר...

אַבראַמזאָן האָט זיך געשעמט מיט דעם דאָזיגן שטריך. ס׳פלעגט טרעפן, אַז אים האָט זיך מיט־אַמאָל שטאַרק פאַרוואָלט זי זאָל זיך דערוויסן וועגן אים, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער מורא געהאַט פאַר דעם. ער האָט זיך שטענדיג באַמיהט אָפּשוואַכן דעם דאָזיגן שטריך, אים פאַרווישן, — אָבער וואָס איז ער שולדיג, אויב ער קאָן אים ניט אַרויסרייסן פון האַרצן? און פלעגט ער זיך איבערצייגן, אַז זי ווייסט, האָט אים דעמאָלט נאָר איין פראַגע באַשעפטיגט: צי איז דאָ אַ האָפענונג, אַז יענס פינטעלע זאָל פאַרשוואונדן און ס׳זאָל ווערן פלאַך פאַר אַז אויסגלייך צווישן די ווידערשפּרוכן, און דאָס הייליגטום זאָל ווערן איינס?

דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ שטאַרקן פייף געטאָן. אַבראַמזאָן האָט זיך אויסגעגלייכט. ער האָט אין זיך דערפיהלט אַ גאַנצקייט.

ער האָט מער ניט געפּיהלט די שווערע לאַסט, וואָס האָט געדריקט אויף אים; גלייך ווי מיט דער האַנט אַראָפּגענומען... אַ גרינגע נשמה־פרייד און אַ שווערער קאָפּוועהטאָג האָט אים באַהערשט. און די גאַנצע צייט האָבן זיי ניט אָנגע־רירט איינס אָנם אַנדערן.

ג.

זיבן אַזייגער אויפדערנאַכט איז דער צוג צוגעגאַנגען צום נייעם וואָקזאַל אין דער גובערניאַלער שטאָט א.

אַבראַמזאָן איז שנעל אַריין אין וואַגאָן, אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער באַנק זיין רענצעלע מיט דעם ביסל וועש און עטליכע ביכער, וואָס אין דעם, און איז אַרויסגעגאַנגען.

— וואוהין ? — האָט ער זיך פּלוצים אַ פרעג געטאָן, זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג, — צו מנשה קאַצמאַן ?.. צי זעהן ?.. דאָס וואָלט גוט געווען... אַך, פּלוצים... חוה... אָבער דעמאָלט וועט אים שוין שווער זיין פון דאָרט אַוועקגיין, און ער מוז דאָך האָבן אַ באַזונדערן צימער, כּדי צו אַרבעטן, אַר- בעטן... וואָס ווייניגער מענשן, אַלץ גרעסער די אַרבעטס-פרייד. כאַ-כאַ, אָבער צו אוריאל דאַווידאָווסקין איז אויך קיין פּלאַן ניט... ער האָט ניט ליב קיין געסט... אוריאל. אַ סברה, אייך נאַכט איבערנעכטיגן... ע, ס'מאַכט ניט אויס... מאָרגן וועל איך געפינען אַ צימער... צו דאַווידאָווסקין !

ער האָט אַרויפגעלעגט דאָס קלומעקל אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזט גיין. די גראָבע און שווערע בענד-טאָמען פונם „כּוזרי" און בערדיטשעווסקים פינף ביכלאַך, וואָס דער פאַרלאַג „צעירים" האָט אַרויסגעגעבן, זיינען געלעגן אָן אַ זייט אין רענצל, האָבן געדריקט אויפן אַקסל און אַרויסגערופן ביי אים אַ מין הנאה דערמיט, וואָס ער פיהלט זיין גוף. ער איז געגאַנגען מיט שנעלע טריט צו דער קאַווקאַזער גאַס, וואו אוריאל האָט געוואוינט. אַבראַמזאָן האָט געהערט, אַז אוריאל דאַווידאָווסקי האָט זיך אָנגהויב ווינטער ווידער אַרויסגעקליבן צו זיינע עלטערן. דער

ווען איז געווען ניט קיין קורצער — אַ גאַנצע שעה נאָנג. אמת, די זאַכן, וואָס ער האָט געטראָגן, זיינען געווען גרינג, די קליידער— אויך ניט איבעריג שווער, אָבער דער שטענדיגער קאָפּוועהטאָג האָט אים זעהר פאַרמאַטערט. ער איז דורכגעגאַנגען דאָס יאַטקע־געסל פאַר די קאַצמאַנס דירה, וואו חוה בלומין האָט געוואוינט, און אַ גרינגע בלאַסקייט האָט פּלוצים אַריינגעשטראָמט אין זיין גאַנצן ווזן און ער איז כּמעט ניט בּייגעשטאַנען דעם נסיון אַריינצוגיין אַהין. אָבער דאָס האָט געדויערט נאָר אַן אויגנבליק, און אַבּראַמזאָן איז נאָך אַ קליינעם קאַמף מיט זיך אַוועקגעגאַנגען ווייטער.

בעת ער איז אַריינגעקומען צו דאַווידאָווסקין אין שטוב אַריין, איז די באַלעבאָסטע, אוריאַלס מוטער, געזעסן בּיי אַ קליין לעמפּל, איבערגעקליבן אַרבעס, און פון איר נאָז האָט גערונען און איר פּנים איז געווען אָנגעכמורעט, ווי אַלע מאָל. שמואל, דער יינגערער זון, איז אויך געזעסן בּיים טיש פאַר אַ טעלער קאַשע און געלייענט אַ יידישע פּראָקלאַמאַציע. אין זיין מאָגערן, פון בּלייך אויפגעגעסענעם פּנים, האָט מען דערקענט, אַז ער איז אַ זעצער. דער אַלטער דאַווידאָווסקי, משה־אהרן, איז נישט געווען אין שטוב. שמואלס שוואַרצע, עקשנותדיגע אויגן זיינען געגאַנ־גען פון שיסל צו דער פּראָקלאַמאַציע און צוריק און, דערהערט דעם „גוטן־אָוונט" פון אַ פרעמדן מענשן, וואָס איז אַריינגע־קומען, האָט ער אין אומבּאַוואוסטזיניגער פאָרזיכטיגקייט אַרונטער־גערוקט די פּראָקלאַמאַציע אונטערן ברויט, און זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן מיט חשד, גרייט זיך צו ווערן. אָבער ער האָט באַלד דערקענט אין דעם אַריינגעקומענעם, אין די ענערגישע און פּראָסטע שטריכן פון זיין פּנים, אַן אַלטן באַקאַנטן — און האָט זיך באַרוהיגט. אין אַ רגע אַרום האָט זיך דאָס בחורל דערפרעהט פּראָסט און אמת מיט די גרויסע וואַרימע אַבּראַמזאָנס אויגן, וואָס אין ברוינעם גלאַנץ פון זייערע שוואַרצאַפּלען האָט זיך געפּיהלט אַן ענערגישע נערוועזישקייט, אַ ווייכע און זעהר צאַרטע.

— אַבּראַמזאָן איז, דאַכט זיך, די לעצטע חדשים ניט געווען

הי ? — האָט שמואל אַ פרעג געטאָן, כדי עפּעס צו זאָגן, הגם ער האָט דאָס גוט געוואוסט.

אַבראַמזאָן האָט אים געענטפערט און זיך נאָכגעפרעגט אויף אוריאלן.

— אוריאל, — האָט זיך די באַלעבאָסטע ביטער געקלאָגט, — אוריאל האָט זיך שוין ווידער אַרויסגעקליבן פון אונז. ער האָט ביי אונז געוואוינט ניט מער ווי אַ חודש, און שוין אַ וואָכן דריי מיט אַ האַלבער, אַז ער וואוינט ווידער־אַמאָל אַליין, ווי פריהער. איז אַוועק פון אונז. אָך־אָך, קענטיג, מיר שטערן אים. בנאמנות. מיר לאָזן אים ניט, ווייזט אויס, טון, וואָס ער דאַרף. זיין צימער שטייט איצט לעדיג. אפשר ווייסט איר עפּעס אַ בחור, וואָס דאַרף האָבן אַ דירה, אַ? בנאמנות, מע דאַרף ניט קיין בעסערן צימער, ווי דער. מיט אַזעלכע מענשן, ווי מיר, וועט יעדערער זיין צופרידן, און ניט טייער, אַ?

— אַ? — האָט אַבראַמזאָן זיך אויפגעמונטערט, — יאָ, וואָס, אַ דירה?.. איך אַליין זוך אַ צימער... אויב נאָר...

— איר דאַרפט שוין האָבן אוריאלן? — האָט שמואל אומיסטן ערנסט איבערגעריסן מיט אַ שטיקל קאָנספּיראַציע און מיט אַ ברוגז אויף דער „דאָזיגער יידענע" — זיין מוטער —, וואָס דולט אַ קאָפּ מיט אירע דירות, בעת אַ מענש פרעגט אויף אוריאלן.

„די דאָזיגע יידענע" האָט זיך נאָך מער אָנגעכמורעט. וואָס פאַר אַ קינדער זיינען דאָס היינט! ווייסן, דאַכט זיך, גוט, ווי שווער דאָס לעבן איז איצט; ווייסן, דאַכט זיך, וויפיל בלוט עס צאַפּט זיך אָפּ, ביז מע קריגט דאָס שטיקל ברויט און *ווי טייער דער גראָשן איז, און ס'אַרט זיי דאָס גאָר ניט*; בנאמנות, כאָטש נעם שריי „שמע ישראל!" שטייט אַ דירה לעדיג, קומט, מיט גאָטס הילף, אַ לייטישער מענש, וויל זי דינגען, איז, דאַכט זיך, וואָס דאַרף אַ רעכט קינד טון? איז לא די, וואָס שמואל רעדט אים ניט צו, פאַרדרעהט ער אים נאָך דעם קאָפּ מיט נעכטיגע טעג, אוי, אוי!

אבראַמזאָן האָט געוואָלט טון דער אומעטיגער פרוי אַ נחת רוח און איז מיטגעגאַנגען מיט איר אַ קוק טון אויף דעם צימער. דאָס איז געווען אַ לאַנגער און שמאָלער משונהדיגער צימער מיט איין שמאָל פענסטער. רעכטס ביים אַריינגאַנג איז די וואַנט געווען אָפּגעטינקעוועט טונקל־בלוי און באַדעקט מיט שפּינוועבס ביי דער סטעליע; לינקס—אַ ברעטער־ווענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם צימער פון דער עסשטוב, איז געווען אַ ביסל אויסגעבויגן און פאַר־קלעפּט מיט אַ גרינעם און געשפּרענקלטן פּאַפּיר. די באַלעבאָסטע, וואָס האָט באַגלייט דעם נייעם קוואַרטיראַנט, האָט אויפגעהויבן פאַר די ווענט דעם לאָמפּ — און די שאָטנס פון די אָפּגעריבענע בילדער, וואָס זיינען געהאַנגען אָן שום סדר, האָבן געטאַנצט און ס'האָבן צווישן זיי ארויסגעקוקט די קעפּ און פּאות פון גרויסע רבנים און גאונים און עפּאָלעטן מיט גאָלדענע פרענז פון גענע־רעלער און סאָלדאַטן. אויפן קיכפלעט, הינטער דער טיר, זיינען געזעסן די שטוב־קינדער, זיך געוואַרימט און געזונגען מיט אַן אויסגעצויגן מרה־שחורה־קול, וואָס האָט פאַרקלעמט ביים האַרצן. באַזונדערס טרויעריג איז געווען דאָס קול ביי אַ קליין געקרייזלט בלייך מיידעלע, וואָס האָט ניט געקאָנט אַרויסרעדן קיין „גימל", „למד" און „ריש", און דעריבער איז ביי איר דאָס ליד אויסגעקומען נאָך טרויעריגער און שוואַכער:

— אבעי — אֶ־י־חי־נו ש־ב־ש־מיה . . .

— „אָבער, אלוהינו שבשמים" — האָט אונטערגעכאַפּט אַן עלטער ייִנגעלע פון איר מיט אַ פרעג און וואַרטעניש . . .

— כי־ש־ח־פּיץ עשה . . . — האָט די קליינע געברומט און גע־קלאָגט מיט איר וויינענדיג קול, און דער גאַנצער כאָר איז שנעל אַריבער צו יידישע ווערטער אין דעם ליד:

„אָבער אונזער גאָט,
וואָס אין הימל רוהט ער,
וואָס ער וויל טוט ער". . .

און תּכיף האָבן זיי דעם פּערז איבערגעזונגען מיט אַ גיכן מונטערן טעמפּ, נאָר די קליינע האָט זיך ווי באַרוהיגן ניט געקאָנט, און ווידער גענומען קלאָגן און זיך פאַרגיסן:

„אָבעי אונזעי דאָט,
ס'אין הימעי, יוטיע,
וואָ סעי ווי=י=י
טוט עי"...

— דער חדר איז מיר געפעלן, — האָט אַבראַמזאָן געזאָגט, — נאָר מער ווי דריי רובל קאָן איך ניט צאָלן.

— דריי רובל? — האָט די באַלעבאָסטע געשאָקלט מיטן קאָפּ און ניט געקאָנט איינהאַלטן אין זיך די פרייד, וואָס האָט זי פלוצים אָנגעכאַפּט, — ניין, מיין פריינט, בנאמנות, מ'קאָן ניט. איז ווינציג, אַזאַ יקרות אויף האַלץ היינטיגן ווינטער, איין גאָט זאָל זיך דערבאַרימען.

— און די באַלמעלאָכעס, וואָס אַרבעטן דאָ, וועלן אייך נישט שטערן? — האָט שמואל פאַרעקשנט איבערגעריסן דער מוטערס שטאַמלען, באַמערקענדיג, אַז אַבראַמזאָן איז גרייט צו העכערן דעם פרייז (בכלל איז קענטיג געווען, אַז דער דאָזיגער שידוך געפעלט אים עפּעס ניט), — איר דאַרפט, מסתמא, דאָך האָבן אַ רוהיגן צימער פאַר אייער אַרבעט, אַ=יאָ? מיין טאַטע, ווייסט איר דאָך, איז אַ טעסלער און אין שטוב אַרבעטן דריי אַרבעטאָרער.

— רבונו של עולם! — האָט די יידענע אַ קרעכץ געטאָן, — וואָס רעדט ער? שמואל, וואָס רעדסטו? בנאמנות, ביזט, חס וחלילה, געווירט פון די געדאַנקען, בנאמנות. אַ גרויסע זאַך — דריי אַרבעטאָרער... גלייך, ווי ער וואָלט אַ פרעמדער געווען: דריי אַרבעטאָרער, קיין עין=הרע, אָבער טעסלעריי איז דאָך ניט קיין קוזניע! זאָגט אַליין, זייט מוחל, — האָט זי זיך געווענדעט צו אַבראַמזאָנען, — עפּעס זיינט איר דאָך אַ מענש מיט אַ פאַרשטאַנד. וועמען שאַדט עס, אויב זיי אַרבעטן זיך שטילער=

הייד אין פּאָרהייזל, בנאמנות, ס'דאָך ניט קיין קוזינע, מע קלאַפּט ניט מיט קיין האַמער אויף דער קאָוואַדלע!

— גוט, גוט! — האָט זי אַבראַמזאָן ליבליך באַרוהיגט, — איך לאָז איבער דאָ מיין רענצל, מיין גאַנץ פּאַרמעגן, און דער חדר בלייבט פאַר מיר. איך וועל נאָר בעטן אַרויסטראָגן פון דאָרט די איבעריגע זאַכן און די בילדער. אַ טיש און אַ שלאָפבעטל — און מער דאַרף איך ניט. וואָס!? — האָט ער פּלוצים אַ געשריי געטאָן, אַ קוק געבנדיג אויפן זייגער אויף דער וואַנט, — שוין האַלב עלף?

— ניין, — האָט שמואל האַרט אָפּגעענטפערט, — דער זייגער גייט נישט ריכטיג. תמיד שטייט ער אויף איין שעה. איך רעכן, איצט דאַרף מער ניט זיין, ווי ניין אַזייגער. ס'מער ניטאָ, ווי אַ האַלבע שעה, זינט איך בין פון דרוק געקומען. היינטיגן ווינטער האָבן מיר דאָך געשטרייקט; מיר האָבן געמאַכט אַ גרויסן שטרייק און איצט אַרבעטן מיר פון אַכט ביז אַכט. איך זאָג... אַך, אַבראַמזאָן, איר ווילט דאָך זעהן אוריאלן. תיכף פיר איך אייך צו צו אים. ער וואוינט איצט ניט ווייט פון מנשה קאַצמאַן. איר ווייסט דאָך מנשה קאַצמאַנס שטוב? און זיין איידעם כאַוואַר־שטיינען... זעה, וואָס איך פרעג! ס'אַ שאלה, צי אַבראַמ־זאָן קאָן כאַווערשטיינען! די לעצטע צייט האָב איך אָנגעהויבן אַריינגיין אַהין. אָט דאָס איז אַ מענש! ער האָט מיר געהייסן לייענען ענגעלס געשיכטע פון דער פאַמיליע, פּריוואַט־אייגנטום און... און מלוכה... יאָ, פון דער פאַמיליע, פּריוואַט־אייגנטום און מלוכה. אַזוי, הייסט עס, איך האָב ניט קיין טעות. ס'אַ גוט בוך, אַבראַמזאָן? איך גיי תיכף מיט אייך.

די באַלעבאָסטע האָט געבורטשעט מיט צער:

— ביינאַכט, אין דער פינסטערניש... אוי, אוי, יעדע נאַכט געפינט ער עפּעס אַן עסק. האָט קיין רחמנות ניט אויף זיך און ניט אויף אַנדערע. ער דאַרף דאָך מאָרגן אויפשטיין פריה צו דער אַרבעט: וואָלט ער זיך, לכל הפחות, כאָטש איין נאַכט זיך אויסגעשלאָפן ווי געהעריג. איז אָבער ניין, טראָגט אים דער

רוח, רוהט ניט קיין מינוט. אָפּזוכן אַן „אוראָק“ פאַר אוריאלן, העלפן עפּעס אין שטוב, דאָס ניין, צו דעם כאַפּט ער זיך ניט, האָט נאָר אין זינען פּוסטע געשעפטן. וואָרן, וואָס אַרט אים דער מאַמעס וועהטאָגן? ס'איז אים אַ גרויסע דאגה, טאָמער האָט די מאַמע מורא! וואָס אַרט אים, אַ שטיינער, וואָס דער מאַמע פאַלט די נשמה אַרויס אַלע מאָל, ווען ער גייט אַוועק... כאָטש פרעג, וואָס? שוין, דאַכט זיך, צייט געווען זיך צוגעוועהנען ניט מורא האָבן, ניט דאגהנען... גוטע יאָרן געקומען... אָך-אָך-אָ...

שמואל האָט שנעל פאַרענדיגט זיין נאַכטאָנבייסן, באַהאַלטן די פראָקלאַמאַציע און זיך אויפגעהויבן פון אָרט. אַלע זיינע העויות זיינען געווען אַזוי ערנסט, גלייך ער קלייבט זיך תיכף אין אַ גרויסער שליחות און אים שטייט פאָר מלחמה צו האַלטן מיט דער לופט.

---

אַבראַמזאָן האָט בעתן גיין געפרעגט, צי האָט זיך אוריאל אַרויסגעקליבן, ווייל ער האָט זיך צעקריגט מיט די עלטערן. שמואל האָט געענטפערט, אַז ניין. אַזוי, אָן שום קריג. און, בכלל, קלערט ער, איידער צו פרעגן פאַרוואָס ער האָט זיך אַרויסגעקליבן, דאַרף מען בעסער פרעגן, פאַרוואָס ער האָט זיך גאָר נאָך אַמאָל אַריינגעקליבן? ער וואוינט דאָך, זינט ער איז צום שכל געקומען, אַליין, און פלוצים — ברוך הבא! אויב ער קאָן ניט אויסרעדן צוויי ווערטער רוהיג מיטן טאַטן — איז בעסער גאָר ניט קומען און ניט אַוועקגיין. אַזוי זאָגט ער, שמואל, און אַזוי האַלט ער. בכלל איז אוריאל די לעצטע צייט געוואָרן זעהר אַ משונה-מאָדנער. ער איז אַפילו פון תמיד אָן אַ משונהדיגע בריאה, אָבער ניט אַזוי, ווי די לעצטע צייט. ניין, קיין שום קריג איז ניט געווען. אדרבא, ער באַגייט זיך איצט מיט דער מאַמען אַ סך בעסער, וואַרימער ווי פריהער, נאָר האַלט זיך איצט אַ סך ווייטער פון דער שטוב און באַווייזט זיך נאָר זעלטן דאָרט.

זאָל אַבראַמזאָן זאָגן, וואָס ער וויל! ער, שמואל, פאַרשטייט

אים ניט, פאַרשטייט ניט אוריאלן, ער פאַרשטייט ניט וואָס איז מיט אים. כאַווערשטיין זאָגט „אָבלאָמאָוושטשינאַ“, און ער, שמואל, האַלט אויך אַזוי: אָבלאָמאָווס אַ טיפּ און מער גאָרנישט. ער מיינט, ער זאָגט: אין אונזערע צייטן איז יעדער מחויב צו טון אַ סך — און דער זעצט זיך אין אַ ווינקעלע און טונקט ניט איין קיין האַנט אין קאַלטער וואַסער, ליגט גאַנצע טעג און „שפּייט אויף דער סטעליע“, ווי מנשה קאַצמאַן זאָגט. פאַרשטייט זיך, ער, שמואל, וועט אים אַ וואָרט ניט זאָגן: אוריאל ווייסט אַ סך מער פון אים און לאַכט פון אַלע זיינע רייד. אָבער ער בעט אים, אַבראַמזאָנען, זאָל ער אים דערקלערן די זאַך. אַ פּאָר מאָל, האָט ער, שמואל, געהערט, ווי אַנדערע רופן זיך שלעכט אָפּ וועגן אוריאלן. אַלע באַציהען זיך צו אים מיט שנאה, און, אין פלוג, אָהן שום סיבה דערצו. כאַווערשטיין, נאָדלמאַן, פעטראָוו — אַלע. און וואָס מיינט אַבראַמזאָן? זאָל ער אים זאָגן!

— דער ווינט לאָזט ניט רעדן, חבר! — האָט אַבראַמזאָן זיך צעלאַכט.

ערשט דעמאָלט האָט שמואל פלוצים זיך געכאַפּט, אַז ער רעדט צו פיל און אַבראַמזאָן גייט אינגאַנצן נאַקעט, אין אַ זומערמאַנטל; האָט ער זיך אויפגעמונטערט, גענומען גיין גיך, ניט אויפהערנדיג צו אַרבעטן מיט דער צונג:

— אוריאל איז איינזאַם. ער וועט זיך זעהר דערפרעהען מיט אַבראַמזאָנען. דעם גאַנצן זומער איז ער דאָך געווען דער איינציגער, וואָס פלעגט צו אים אַריינקומען. אָבער אויב אים איז קאַלט, טאָ וואָס־זשע גייט ער אַזוי פּאַמעליך? ער גייט כמעט פונקט אַזוי, ווי אוריאל. אַבראַמזאָן האָט געזעהן, ווי אוריאל גייט? אויסגעצויגן, גלייך, פּאַמעליך, שטיל, שאַ... גלייך ער האָט צוועלף שטעקנס איינגעשלונגען, ווי קאַצמאַן זאָגט.

— קיין חידוש נישט, האָט אַבראַמזאָן ווייטער געלאַכט, — מיר זיינען אַלט און מיד...

די דאָזיגע קליינע באַמערקונג האָט אָבער אַרויסגערופן אַ שטורמישן פּראָטעסט בײַ זײַן באַגלייטער.

— ניין, ניין, ניין! זײַן ברודער, — מעגליך, אָבער אַבראַמזאָן! אַבראַמזאָן איז ניט אַלט. ער איז יונג. ער איז איינער פון זייערע. ער, שמואל, ווייסט עס. ער האָט נאָך ניט פאַרגעסן אַבראַמזאָנס דרשה, דאָרט אין יענער שטוב. מיד, דאָס קאָן, אפשר, איצט זײַן, פונם וועג, אָבער דעמאָלט — ער געדענקט? — דעמאָלט, יענעם אָוונט, אַז ער, שמואל, איז געקומען אים רופן און אים ווייזן די דירה, ווי שנעל ער, אַבראַמזאָן, איז דעמאָלט געגאַנגען, פּייל פון בויגן, ווי אַ זעלנער. נו, אָט זיינען זיי, ענדליך, געקומען צו אוריאלס דירה. זאָל ער, אַבראַמזאָן, אַליין אַרייננגיין, ער, שמואל, וועט ניט גיין אַהין. ער וועט בעסער זיך אַרייננכאַפּן צו מנשה קאַצמאַנען דאָ נעבן, און צום ברודער וויל ער ניט: ער האָט עפּעס ניט ליב די לעצטע צייט אַרייננקומען צום ברודער.

# ד.

אַרייַנגעקומען צו אוריאל דאַווידאָווסקין, האָט אַבּראַמזאָן אים געטראָפן פאַרגליווערט זיצן אויף זייַן בּעט. אויף דעם טיש האָט געבּרענט אַ קליין מעטאַלן לעמפּעלע. שוואַרצע שאָטנס האָבּן זיך אויסגעשפּרייט אין די ווינקעלאַך פון אייַנזאַמען חדר, וואָס האָט בּכלל געמאַכט דעם אייַנדרוק פון אַ נזיר=שטיבּל, אָפּגעזונדערט פון דער נאַרישער וועלט.

אין איין ווינקעלע, לינקס פון דער טיר, איז געשטאַנען אַ קאַשטאַן=שטעקן, אַ גראָבּער און פול מיט שפּיצן, מיט וועלכן אוריאל פלעגט ליבּ האָבּן קלאַפּן אין דיל, איידער ער איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. דער בּאַלעבּאָס פון דער דירה, אַן אַלטער פּראָצענטניק, וואָס האָט נישט געהאַט קיין קינדער און וואָס וואוינט מיט זייַן אַלטיטשקער אין די איבּעריגע צימערן, פלעגט היסטעריש דערציטערט ווערן, דערהערנדיג דאָס דאָזיגע קלאַפּן...

אַפילו זיצנדיג, האָט מען געקאָנט בּאַמערקן, אַז דאַווידאָווסקי איז זעהר אַ הויכער. אין זייַן שוואַרצליכן און טרויעריגן פּנים איז ניט געווען קיין סימן פון יענעם שענעם אויסערליכן אומעט, וואָס מע זעהט בּיי אַ געוויסן מין „אינטעליגענטן“.

אויף זייַן פּנים איז געלעגן אַ טיפע בּלאַסקייט. אַ בּלאַסקייט, וואָס קומט פון עפּעס אַן אומגעוועהנליך ליידן, און האָט זיך אויסגעמישט מיט עפּעס אַן אָריגינעלן געזיכטס=אויסדרוק. פון די געזיכטס=שטריכן, ניט קיין רעגלמעסיגע און ניט קיין גאַנץ אָנגענעמע, האָט דורכגעשיינט אַ שטילער אינעווייניגסטער בּליק, וואָס דרינגט אַרייַן אין דער נאַטור פון אַלע זאַכן און דערנעהענטערט גלייכצייטיג צו דאָס סודותדיגע אין זיי. אין די ווינקלען פון די

שמאָלע און צונויפגעפּרעסטע ליפּן איז געלעגן אַ פּקחישע אי־ראָניע און אַ פּאָעטישע ווייכקייט; די טונקעלע און פּאַרטיפטע אויגן אונטערן הויכן און צעקנייטשטן שטערן זיינען, ווי אַ תהום, געווען פול מיט געדאַנקענפּיין און האָבן געלויכטן פון קלוגשאַפט און מיט אַן איינגעהאַלטענקייט פון אַ פאַרבאַהאַלטענער נשמה. די לאַנגע, שמאָלע נאָז, די גלאַטע און שפּיציגע קינבאַקן האָבן געמאַכט פון אוריאל דאַווידאָווסקין אַ פּנים פון אַ פּאַרצייטיגן אינדיער.

— אַבראַמזאָן ? — און אין דער רגע, ווען די לופט אין צימער האָט אויפגעציטערט פון דעם דאָזיגן הייזעריגן און סימ־פּאַטישן קול, פון דעם דאָזיגן מיוחסדיגן קוק, וואָס ציהט צו און שטופּט אָפּ, אין דער זעלבער רגע, האָט די גרויסע ליבע ביים דאָזיגן שטאָלצן מענשן, וואָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ מורא און איז פול געווען מיט אויסערליכער קאַלטקייט, באַלויכטן דעם אַריינקומענדענס פּנים מיט אַ פרעהליך ליכט. די שטענ־דיגע סימפּאַטיע צו דער דאָזיגער איינגעהאַלטענער, טיפער שטים, וואָס האָט געלאָזט הערן נאָר קורצע אָפּגעמאָסטענע רייד, האָט אַ שטראָם געטאָן אויף אַבראַמזאָנען, און אים האָט אַ ציה געטאָן צו אוריאלן, אַרומנעמען און זיך צעקושן מיט אים. אָבער איידער אַבראַמזאָן האָט באַוויזן צו מאַכן דעם דאָזיגן באַוועג, האָט אוריאל צוגערוקט צו זיך דאָס קעסטל גילזעס און גענומען מאַכן אַ פּאַ־פּיראָס. דאַן האָט אַבראַמזאָן זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים און גענומען מישן אַ רגע דעם באַנד שעקספּירס טראַגעדיעס און אַ צווייטן—ניטשעס „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ“, די איינציגע צוויי ביכער, וואָס זיינען געלעגן פאַרשטויבט אויפן טיש. אין איין ווײַלע אַרום איז דער גרינגער פלוצימדיגער שאָטן אַראָפּ פון אַבראַמזאָנס פּנים, און ער איז ווידער געוואָרן ליכטיג־מונטער.

אַבראַמזאָן האָט זיך באַקענט מיט דאַווידאָווסקין אַ פּאָר יאָר צוריק און פון די ערשטע טעג אָן האָט ער זיך שטאַרק צוגעבונדן צו אים. אָבער נישט קוקנדיג אויף דעם געמיינזאַמען אין איינינע זייטן פון זייער נשמה, האָט זייער פריינטשאַפט דאָך געהאַט אַ

גרעניץ, אַ פאַרהאַלט־פונקט, און זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט געזאָגט „דו" און זיינען ניט געווען חבריש־נאָהענט איינער מיטן אַנדערן.

דאַווידאָווסקי האָט דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שווייגן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אַבראַמזאָנען מיט עפּעס אַ וואַרטע־ניש און אויסטערלישן ערנסט: — נו, וואָס?

— אין תּוך גענומען ר' יעקב, אַהער־אַהין און סוף כּל סוף ווייטער אין א. ... קענטיג, מענשן קאָנען אויך דאָ, ווי אין פּאַ־ריז גופא, זיצן און מאַכן פּאַפּיראָסן; אַלערליי, פון אַלע סאָרטן... אַ?

אַבראַמזאָן האָט באַלד דערפילט, צו זיין באַדויערן, אַז די דאָזיגע שטימונג צעקלאַפּט אויף דעם גאַנצן אָוונט די פרייד, וואָס פילט אָן זיין האַרץ, און ער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן.

— איך האָב, דאַווידאָווסקי, קיין חרטה ניט...

— חרטה? — האָט דאַווידאָווסקי אַנטשיידן אַ מאַך געטאָן מיט די אויגנלעפּלאַך, — ווער רעדט פון חרטה, אַבראַמזאָן, נאַ־ראָנים האָבן חרטה, און מיר, ווי די מעשה זאָל ניט זיין, זיינען דאָך ניט... מיר זיינען ניט קיין קליינע נאַראָנים. און אויב דו ווילסט — איז יאָ. און, אין תּוך גענומען, איז דאָס דאָזיגע לעבן ניט אַזאַ וויכטיגס, מ'זאָל דאַרפן מרעיש עולם זיין מיט חרטות. חרטות... נו, גענוג דערפון.

און ווידער שטיל. איצט האָט אַבראַמזאָן, ענדליך, געפּרואווט אונטערהאַלטן דעם שמועס.

— אַז ער וויל, קאָן ער זאָגן, — און ער וויל און זאָגט עס, — אַז זיין נסיעה אַהין איז, אין אַלגעמיין, געווען אַ פּרוכטבאַרע: ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז די באַלעבאַטים זיינען ניט צופרידן מיט אים, און דאָס איז זעהר אָנגענעם. „אָנגענעם", זאָגט ער, און ער וואָלט דאָס ניט באַדאַרפט זאָגן. לכתחילה, באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אַהין, איז ער געווען „טודי־סודי": ער איז נאָך געווען פאַרנומען מיט זיין „דיסערטאַציע" (אַבראַמזאָן האָט צו־געגעבן עפּעס איין קליינעם „כאָ" און זיין פּנים האָט זיך אומ־ווילִיג פאַרראָיטלט מיט דער רויטקייט פון אַ בחורל, ווען ער

רעדט פון זיין ערשטער ליבע) : ער האָט, דאַכט זיך, שוין איינמאָל איבערגעגעבן אוריאלן דעם אינהאַלט פון ערשטן אַרטיקל. ער האָט דאָרט געוואָלט דערווייזן דעם איינפלוס, וואָס דאָס חסידות אינם אַכטצעהנטן־יאָרהונדערט האָט געהאַט אויף דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור אינם נײַנצעהנטן יאָרהונדערט. אין אַלגעמיין ניט קיין שלעכט אַרטיקל, הגם נישט קיין פאַרענדיגטס. ער האָט עס אָנגעהויבן שרייבן סוף זומער נאָך אין א. און ניט געקאָנט פאַרענדיגן, ווייל ער האָט קיין דירה ניט געהאַט. און אינדערראמתן, איז ער כמעט צוליב דעם געפאָרן אויף דער „קאָנדיציע“. וואָס טוט אַ מענש ניט צוליב כבוד ? די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען פאַרנומען מיטן שרייבן, האָט מען אין אים כמעט קיין שלעכטס ניט איינגעזעהן : ער האָט געטאָן זיין חוב און געלעבט אַ גוטן טאָג : זעט, רוה, לערער־כבוד. דער שטורעם האָט זיך אָנגעהויבן ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט אָנגעהויבן ווייניגער צו שרייבן און געהאַט מער פרייע צייט. דאָך איז נאָך אַלץ געווען אַזוי ניט קלאָר, און די קאָמעדיע וואָלט זיך אַזוי גיך ניט פאַרענדיגט, ווען ניט שלמה פרענקל, איינער פון זיינע תלמידים, און דווקא דעם גרעסטן גבירס אַ זון. די שלעכטע ווירקונג האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ בענקעניש נאָך דער גרויסער שטאָט, קומען אַהער אויף זומער און זיך פאַרפולקומען — אַי, אַי; און איינמאָל האָט ער זיך מישב געווען און דערקלערט מיט קלאָרע דיבורים, ער עסט מער קיין פלייש ניט — דאָס איז געווען דער ערשטער שריט — אַי־אַי־אַי! ניין, דאַווידאָווסקי, ניט קיין שלעכט בחורל. אמת, ער, אַבראַמזאָן, ווייסט זיין איינענעם חסרון איבערטרייבן די מעלות פון אַ צווייטן, ווייל ער קוקט אויף יעדן, וואָס קומט צו אים, מיט די אויגן פון אַן אַפּאָסטאָל.

אָבער וואָס איז נוגע שלמהן, איז ער זיכער, אַז ער איז ניט גענאַרט אין אים. אוודאי האָט פרענקל איצט נאָך געוויסע נעגאַטיווע זייטן, — מע דאַרף נישט פאַרגעסן די סביבה און די דערציהונג, — אָבער דאָס איז קיין ספק ניט, אַז ער האָט אין זיך פיל גוטע זייטן און אַ מעגליכקייט צו פאַרשטאַרקן זיי אין זיך.

ווי גרינג וועט זיין צו שטאַרבן, ווייסנדיג, אַז ער לאָזט איבער נאָך זיך אַ גוטן „קדיש". ער, דאַווידאָוווסקי, שמייכלט: אָט דער סקעפּטיקער, וואָס קיין זאַך וועט אים שוין ניט העלפן.

— איך לאַך קיינמאָל ניט פון חלומות, — האָט אים אוריאל איבערגעשלאָגן אַ ביסל אויפגערעגט און פון אים ניט אַראָפּגענומען זיין דורכדרינגענדיגן בליק, — יעדנפאַלס לאַך איך ניט... — האָט ער צוגעגעבן נאָך אַ קורצער פּויזע.

— אָבער, אין השארת־הנפש, ווי מע זאָגט ביי אונז, לייקנט איר דאָך...

— ניט שטענדיג; פאַרקערט, ס'טרעפט אַמאָל, אַז איך לייקן גאָר אין טויט. יאָ, אין טויט.

— אין אויסגיין פון דער נשמה?

— יאָ; יעדנפאַלס, האָט דאָס איצט קיין שייכות ניט צו דעם, וואָס מיר רעדן.

— אָבער, ווי די מעשה איז, האַלסטו דאָך, אוריאל, אַז ס'איז שטענדיג בעסער זיצן ווי שטיין, שטיין ווי גיין, שלאָפן ווי וואַך־זיין — און דער טויט פון אַלע אינאיינעם... כאַ, וואָס די עם־הארצות קאָן מאַכן! איך האָב געווים פאַרדרעהט די רייד פון גאָט בודאַ, יאָ?

— אַ ביסל, אָבער ס'מאַכט ניט אויס. קיין בייז ניט. אגב אורחא: וואָס הערט זיך אינדעראמתן מיט דיינע ליטעראַרישע געשעפטן?

— ליטעראַרישע? — האָט זיך אַבראַמזאָן נאָכאַמאָל פאַר־רויטלט, ניט פיהלנדיג אין זיין צעשטרייטקייט, ווי ערנסט דער פרעגער מיינט מיט זיינע רייד, און אַז אין זיין פראַגע איז ניט קיין נייגיר בלויז, — די העבּרעאישע ליטעראַטור איז אויך אַ גע־שעפט? פשוט, איך שרייב, שיק אַוועק אין רעדאַקציע, דער רעדאַקטאָר לייענט, הייסט דרוקן — און גאָר. ניטאָ פון וואָס מאריך זיין. דאָס אַרטיקל „די השפעה פון חסידות אויף די שטרעמונגען אין אונזער נייער ליטעראַטור" האָב איך אָפּגע־דרוקט אין „התחיה" — אַ נייער חודש־זשורנאַל, וואָס גייט

אַרויס פון אָנהויב היי־יאָר: פון תשרי אָן. איצט וועל איך שרייבן וועגן ...

דאַווידאָווסקי האָט זיך פאַרהוסט. אויף זיינע ליפן־ווינקלען האָט אַ שוועב געטאָן אַ סימן פון אַ שמייכל, וואָס אַבראַמזאָן האָט אים ניט באַמערקט.

— יעוואַ איסאַקאָוונאַ פרעגט מיך שטענדיג... מאָדנע: זי זעהט מיך זעהר זעלטן, נאָר ווען זי באַגעגנט מיך... יאָ, ווען זי באַגעגנט מיך, פרעגט זי זיך אויף דיר און אויף דיין ליטעראַרישער טעטיגקייט.

— יאָ, יעוואַ איסאַקאָוו... — האָט אַבראַמזאָן איינגעשלונגען דעם לעצטן טראַף „נאַ“, און אוריאל האָט ווייטער גענומען רויכערן זיין פאַפּיראָס. זיינע דינע ליפן האָבן זיך ניט געעפנט און דער אומקלאָרער שמייכל האָט ניט אויפגעהערט צו קרימען זיי:

— בלומין האָט צו אים גרויסע טענות. יאָ, זעהר גרויסע טענות. אַלע מאָל, ווען זי באַגעגנט אים. פאַרוואָס שרייבט אַבראַמזאָן העבּרעאיש?

אַבראַמזאָן איז אויפגעשטאַנען און זיך געשטעלט נעבן אויוון.

— אַ וואויל מיידל, אַ יאָ, אוריאל? דאָס בעסטע אינם שענעם געשלעכט? די ווייבליכע ווייכקייט, די צערטליכע פריינטשאַפט, דאָס פיין פיהלן...

דאַווידאָווסקי איז אויך אויפגעשטאַנען, האָט זיך אויסגעגלייכט מיט זיין גאַנצער הייך, האָט אַ צוויי מאָל איבערגעמאָסטן דעם צימער מיט זיינע שטילע טריט — און זיך ווידער אַוועקגעזעצט. און אַז אַבראַמזאָן האָט אויפגעהערט זיך צו היצן און צו פלאַקערן, האָט אים דאַווידאָווסקי פאָרגעשלאָגן גיין אין רעסטאָראַן אויף דער דאָזיגער גאַס און ברענגען טיי. ער זעהט דאָך, אַז אַבראַמזאָן האָט אויף וואָס צו האָפן אין צוקונפט, סוף כל סוף האָט ער דאָך זיך איינגעשפּאַנט און איז פיל נעהענטער צום לעבן, ווי ער, דאַווידאָווסקי. אין תוך גענומען, איז אָט די נויט צו גיין — אַ גרויסע טראַגעדיע אין זיין לעבן, אין דאַווידאָווסקיס לעבן, אַ

גרויסע און שרעקלעכע טראַגעדיע: אים איז שווער צו באַוועגן זיך. יאָ, אין תּוך גענומען, פון וואָכעדיקייט צו דערהויבנקייט איז נאָר עטלעכע שווערע טריט. יאָ, און, אין תּוך גענומען, איז ניטאָ קיין קיין גוטס אָן גוטס: אָט איז אַבראַמזאָן געקומען און געבראַכט אים, דאַווידאָווסקין, דערצו, ער זאָל עסן אַ נאַכטאָנבייסן, וואָס אָן אַבראַמזאָנען וואָלט ער עס ניט געטאָן. קיינמאָל ניט. בשום אופן ניט. יאָ.

אַבראַמזאָן איז אָפּגעזעסן ביי דאַווידאָווסקין ביז נאָך האַלבער נאַכט. ער האָט געוואוסט, דאַווידאָווסקי קאָן ניט ליידן, אַז עמיץ אַ זייטיגער זאָל נעכטיגן ביי אים אין צימער. און איבער דעם האָט ער ניט געוואָלט בלייבן דאָרט און באַשלאָסן גיין צו זיך אויף דער דירה. עפּעס אַ מאָדנע און משונה פייערל האָט זיך אָנגעצונדן און זיך פּלוצים פאַרלאָשן אין אוריאלס אויגן, דערהערנדיק, אַז אַבראַמזאָן האָט געדונגען אַ צימער ביי זיינע עלטערן.

אָפּגעטרונקען טיי, איז אַבראַמזאָן אויפגעשטאַנען און גענומען אָפּשטויסן די גלעזער, און דאַווידאָווסקי, וואָס זיין שטימונג האָט דערווייל, צוליב דעם זיין דאָ פון זיין איינציקן חבר, זיך אַ ביסל געענדערט, איז ווייך געוואָרן און האָט גענומען אַרויסזאָגן זיינע אַפּאָריזמען וועגן דעם געפיהל פון רחמנות צו פרעמדע, אויף וויפיל דאָס דאָזיגע געפיהל בינדט צו דעם פאַרלוירענעם מענשן צום לעבן, הגם, אין תּוך גענומען, איז דער דאָזיגער צובונד שוואַך און דער סוף איז, אַז מע גייט אַרויס און מע קערט זיך אום, מע קערט זיך אום און מע גייט אַרויס . . .

ענדליך איז ער אַנטשווינגן געוואָרן. אין דער לופט אינם איינזאַמען און פירעקיגן חדר האָט אָפּגעהילכט דערווידערקול פונם אָנהויב אַפאָריזם: „אין תּוך גענומען“. אַבראַמזאָנס קאָפּוועהטאָג, וואָס האָט ניט אויפגעהערט דעם גאַנצן אָוונט, איז גרעסער געוואָרן, אַבראַמזאָן האָט זיך געשטאַרקט מיט אַלע כּוחות, האָט זיך פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און איז פאַרזונקען

געוואָרן אין זיין קאָפּוועהטאָג. אַ לאַנג שווייגן. אַזוי זיינען זיי ביידע געזעסן לאַנג־לאַנג.

ס'האָט געקלונגען צוויי אַזייגער. די שטילקייט איז צע־בראָכן געוואָרן. אוריאלס האַלב דערשטיקטער קול איז פּלוצים פעסטער געוואָרן און זיך פונאַנדערגעגאָסן אין אַ מעלאָדישן גע־שריי, אַ דייטליכן און אָפּגעהאַקטן. עפּעס אַ כּשוף איז געווען אין דעם ביטערן קלאַנג פון דער דאָזיגער נשמה, וואָס האָט שוין מער גאָרניט געהאַט אויף דער וועלט. דער שטומער, אומענדליכער טרויער, וואו אַלע שטורעמס, אַלע אילוזיעס האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט, האָט מיט אַמאָל באַקומען לשון.

אין אָנהויב ליד האָט זיך געפיהלט עפּעס אַ זעהר צאַרט פעסטען און צאַפּלען זיך:

— „סלאָוונאָ קאַק ליעביעד פּאָ וואָלגיע פּראָזראַטשנאָי טיכאָ... קאַטשאַיאַס... פּליוויאָט מאָי טשעלנאָק", — אָבער צום סוף ליד האָט זיך שוין געהערט אַן אייביגער אומעט, דער שטאָל־צער, רוהיגער אומעט פון אַ נשמה, וואָס גייט אוים:

— אַב, קאַק נאַ סיערדציע ליעבקאָ אי ספּאָקאָינאָ, ניעט באָ־ליע אי טיעני מינואווּשיב טריעוואָג!.."

אַבראַמזאָן האָט זיך טיף איינגעהערט.

## ה.

די באַזוכער פון דער ציוניסטישער ביבליאָטעק אין יצחק ריוו־קעש דעם מלמדס שטוב האָבן פיל געערדט פון אַבראַמזאָנס אומ־קערן זיך קיין א. „פון אַ גוטער קאָנדיציע און אין מיטן זמן“.
דער באַלעבאָס פון דער דירה, יצחק ריווקעש אַליין, — אַ יונגער מאַן פון אַריבער דרייסיג מיט אַן אַלטן פנים און בעטלער־אויגן, איינגעהויקערט און מיט אַ געפרעסטן און שמוציגן קראַגן, אָן אַ זאַפּאָנקע און אָן אַ האַלזטוך, — דער דאָזיגער ריווקעש איז אין אַ געוויסער מאָס און, דער עיקר, די ערשטע טעג, געווען אַ ביסל פאַר־אינטערעסירט אין אַבראַמזאָנס אומקערן זיך צוריק. אַ מטופל מיט קינדער, האָט ער אויסער דעם חדר־מתוקן געמוזט נאָך זוכן פּריוואַטע לעקציעס. די האָפענונג זעהן זיין נאָמען אָפּגע־דרוקט אין „עולם קטן“ האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט. און דאָ איז געקומען אָט דער דאָזיגער, וואָס וועט אַלס שרייבער גע־ווים זיך פאַרנעמען מיט פּריוואַטע לעקציעס, און דערצו איז ער שוין אַן אָפּגעדרוקטער. און דעריבער — ווער ווייסט!.. אמת, אין א. איז יצחק ריווקעש, ברוך השם, נישט קיין ערך מער באַוואוסט פון דעם דאָזיגן „מחבר“, דאָך, אַ קשיא אויף אַ מעשה... „וואויל איז דעם מענשן, וואָס האָט תמיד מורא“ —, האָט שוין ר׳ יוחנן לאַנג געזאָגט. אין איינעגע ערטער קאָן יענער אים מזיק זיין אין פּרנסה. און נאָר, אַז זיין חבר און שותף אין חדר־מתוקן, כאַספּאַניק, האָט אים פאַרזיכערט מיט זיין רוהיג באַטרויט קול, אַז אַבראַמזאָן איז ניט קיין געפערליכער קאָנקו־רענט און האָט גאָרניט בדעה צו קאָנקורירן, — איז יצחק ריווקעש געוואָרן אַ ביסל רוהיגער. און שפּעטער, אַז ער האָט זיך שוין

אינגאַנצן באַרוהיגט, האָט ער אויפגעהערט צוגרייטן מיט אַ ביסעלע רכילות און מיט אַ שטאָך=זיפצעלע די געזעלשאַפטליכע מיינונג וועגן אַבראַמזאָנען, וואָס איז אַ העברעאישער שרייבער און כלל נישט קיין ציוניסט. „אַזאַ אומגעהערטע זאַך!“ און פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין גערעדט קאַלט, ווי אָן אַ באַזונדערער כוונה, סתם אין דער וועלט אַריין.

— קיינער וועט ניט לייקענען, — האָט כאַספּאַניק געזאָגט שטיל און רוהיג, ווי זיין שטייגער, — קיינער וועט נישט לייקענען, אַז איך בין פון די געניטע לערער. איר פרעגט מיך אָבער וועגן דעם מאמר, האָב איך אים נאָך ניט געלייענט. די „התחיה“ באַקומט זיך ניט אין אונזער ביבליאָטעק, און בכלל כאַפּ איך זיך ניט לייענען. פריהער פון אַלץ האָב איך ליב זיך באַטראַכטן. ניין, איך האָב ניט געזאָגט דעם אמת. איינמאָל, ביי שיינדילינסקין, האָב איך דורכגעקוקט דעם ערשטן פרק. כאַפּט ניט. מיין מיינונג? אויף וואָר, איך וויים ניט וואָס אייך צו ענטפערן. יעדנפאַלס אַ ביסל משונה=מאָדנע. ס'הייסט, מ'קאָן ניט זאָגן, אַז מ'פאַרשטייט ניט דעם מיין — דאָס איז ניט אַזוי שווער — נאָר אַ ביסל מאדנע. לויט מיין מיינונג איז עס ניט דאָס, וואָס מע רופט אָן מאמר: עס פעלט אים כלל דער וויסנשאַפטליכער באָדן. געפיהל, געפיהל, בלויז געפיהל. אַ מאמר פון לויטער פּאָעזיע, און אַזוי שרייבט מען ניט. איך האַלט, אַז התפעלות ברענגט צו גאָרניט. פאַרשטייט זיך, אינגאַנצן דעם מאמר האָב איך ניט געלייענט, און דעריבער קאָן איך זיך ניט אַרויסזאָגן וועגן אים אינגאַנצן. דעם אמת מוז מען זאָגן. ער קאָן, אין אַ געוויסער מאָס, שרייבן, און אויב איר ווילט, וועל איך אייך נאָך וואָס זאָגן: אַז ער וויל, איז ער קלוג, נאָר ס'פעלט אים דאָס פעסטע גלויבן. איך וויל זאָגן, לויט מיין מיינונג נאָך, און וועדליג מע זעהט דאָס לויט זיין האַלטן זיך...

— און דאָס אַנטלויפן אליין פון אַזאַ גוטער קאָנדיציע? — האַלט זיך יצחק ניט איין.

— און דאָס דאָזיגע אַנטלויפן אַליין, — נעמט כאַספּאַניק

צופרידן אָ זיין שותּפֿס באַמערקונג. און איז ניט אין כּעס אויף אים, וואָס ער שלאָגט אים איבּער די רייד, — מיט איין וואָרט: פֿון אָט דעם אַלעם קאָן מען זעהן, אַז ער איז אַ לייכטזיניגער מענש.

יצחק ריווקעש האָט מער ווי דאָס ניט באַדאַרפֿט. דערהערט דאָס וואָרט „לייכטזיניגער“, האָט ער זיך דערפֿיהלט גליקליך און דאָס פּנים האָט בּיי אים געשיינט. מיט אַ טיפֿן קרעכץ האָט ער מסכּים געווען צו דעם דאָזיגן טרויעריגן פֿאַקט. אַן עבירה, אַן עבירה. אַ טאַלאַנט. דעם אמת קאָן מען דאָך ניט באַהאַלטן. ער קאָן לשון־קודש. אַן עבירה. אַ מענש מיט אַזאַ טאַלאַנט — און אַ לייכטזיניגער!

יצחק ריווקעש איז געווען פֿון די ערשטע און נייע שוואַלבּן אין א., דער גרויסער שטאָט, וואו דער ציוניזם און די העבּרעאישע השׂכּלה האָט אויפֿגעלעבּט. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט גערן אַריינגענומען אין זיין הינערש שטיבּל דעם קאַסטן העבּרעאישע בּי־כער, וואָס בּיז דעמאָלט פֿלעגט ער, ווי דוד המלכּם ארון, אַרומ־וואַנדלען פֿון איין שטוב צו דער אַנדערער און קיינער האָט אים ניט געוואָלט האַלטן בּיי זיך. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געעפֿנט נאָך מיט עטליכע יאָר צוריק, אַ חדר־מתוקן מיט פֿאַרטעס און טאָוולען, מיט די איבּעריגע שול־זאַכן און מיט דקדוק לערנען. אָבּער, ווייל ער איז בּטבע אַ מענש, וואָס האָט ליבּ געהאַט טראַכטן און אַן אָרנטליכער, האָט ער זיך ניט געקאָנט אינגאַנצן אָפּנאַרן און מבטל זיין דעם „בּיטערן אמת“, וואָס האָט אים געזאָגט, אַז ס׳איז וועניג פֿאַרטעס מיט טינטערס אויף זיי, און אַז די היגיענישע בּענק קאָנען וועניג וואָס העלפֿן, די זיבּן־אַכטיאָריגע שוואַכע קינדער אויפֿפּאַסן דעם חומש, וואָס נאָר צוליבּן ווילדן קאַפּריז פֿון די עלטערן מוז זיי, נעבּיך, זיך בּרעכן די ציין אויף זיינע שווערע און נישט־פֿאַרשטענדליכע פּסוקים און טייטשן וואָרט אין וואָרט. ער האָט אויך גאַניץ גוט געוואוסט, הגם זיין חדר איז, ניט ווי אַלע אַלטע חדרים, גרויס און לופֿטיג, דאָך קאָן דאָס ניט פֿאַרגיטיגן דעם צער צו זיין געצוואונגען אַ גאַנצן טאָג „האַקן האָליך“ און טון

כסדר דעם „באַלעבאָס“ ווילן און שטאָפּן די קליינע מזיקים מיט די אַלטע למודים, פּונקט ווי בעת ער איז נאָך געווען פּאָטער און ניט רעפּאָרמירטער מלמד. אמת, ווייל ער איז בטבע געווען „אַ מענש, וואָס טראַכט“, האָט אים זיין געדאַנק געזאָגט, אַז דאָס אַליין מאַכט ניט אויס, אַז אַלץ טוט זיך „אַזוי“ און אַז אַלע טוען „אַזוי“, אַז די באַלעבאַטים געבן זייערע קינדער צו אים אין חדר אַריין כלל ניט צוליב דעם, זיי זאָלן דאָרט לערנען העברעאיש, נאָר אויך גלאַט „אַזוי“, און דעריבער דאַרף מען זיך ניט נעמען צום האַרצן... אָבער אינגאַנצן רוהיג האָט דער רעפּאָרמאַטאָר דאָך ניט געקאָנט זיין, און ער האָט געפיהלט, אַז מע קאָן אויך אים שטעלן די אַלטע חומש־קשיא: „אם כן, למה זה אנכי?“ אויב אַזוי, צוליב וואָס־זשע האָרעווע איך?

דעריבער האָט מען אין יענער צייט געקאָנט הערן ביי יצחק ריווקעשן אין שטוב דריי שטימען מיט־אַמאָל: איינע — דאָס זיינען געווען היציגע און קלוגע דעבאַטן וועגן היכע ענינים צווישן די באַגייסטערטע און ניט־באַגייסטערטע יונגע לייט, וואָס פלעגן קומען לייענען אַ צייטונג. די צווייטע — די טענות פון דער באַלעבאָסטע מיטן היקער, וואָס מע טומלט אומזיסט ביי איר אין שטוב, און וואָס זי מוז ליידן פון די דאָזיגע ביכער און זייערע לעזער; און די דריטע — דאָס געוויין פן די יינגלאַך, וואָס האָבן געלערנט תורה און געכאַפּט ביטערע קלעפּ פונם לערער.

אָבער כאַספּאַניק האָט ניט אומזיסט געטענהט, אז ער האַלט מיט די, וואָס זאָגן, אַז דאָס לעבן פּראָגרעסירט און פאַר־פולקומט זיך פון „עפּאָכע צו עפּאָכע“. ווייל פון צייט צו צייט, אויף וויפיל די „אידעע“, וואָס יצחק ריווקעש האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר איר, האָט געהאַט אַליין מער ערפאָלג, אויף וויפיל די „באַוועגונג“ האָט זיך מער פאַרשפּרייט און צו־געצויגן נייע אָנהענגער צו זיך, אויף אַזוי פיל זיינען אויך די קולות אין שטוב געוואָרן אַליין ווייניגער און ווייניגער...
אין ערשטן פּעריאָד איז פאַרשוואונדן דער באַלעבאָסטעס

קול: דער קולטור־פאַראיין „בני ציון“, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר גע־ווען אין זעהר אַ שלעכטן צושטאַנד און וואָס שײנדילינסקי, דוד בן ישי דער שרייבער, האָט אים ווידער אויפגעשטעלט ווי אין אַן „אָפּאָזיציע צום אָפיציעלן אָנפירער“, דער דאָזיגער פאַרשוין האָט אויף זיין פינפטער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן פאַר דער ביב־ליאָטעק פיר רובל אַ חודש דירה־געלט. דעמאָלט האָט די הויקערטע זיך איבערגעצייגט, אַז „די דאָזיגע“ צאָלן אויך געלט — און האָט זיך באַרוהיגט. נאָך איר האָבן אָנגעהויבן איינגע־שטילט ווערן אויך די קולות פון די היציגע דיספוטאַנטן...
אַ סך זיינען מיד געוואָרן, אַ סך פּרטים זיינען שוין געווען קלאָר געוואָרן און אַ נייער ענין צו באַהאַנדלען אים איז דערווייל נאָך ניט אָנגעקומען פון ווין. די קינדערס געוויינען זיינען שטיל גע־וואָרן זינט יצחק ריווקעס האָט געמאַכט שותפות מיטן לערער כאַספּאַניק. און זייער „חדר־מתוקן“ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן „עברית־בעברית“ שול.

כאַספּאַניק, וואָס לויט זיינע ווערטער, פירט ער שטענדיג אַ קאַמף מיט אַלע פינסטערע כוחות, וואָס שטערן דער אַנטוויק־לונג פון דער „שיטה־הטבעית“ און איז, ווי ער באַרימט זיך, גרייט מלחמה צו האַלטן מיט אַלע אַלטע מעטאָדן, מיט דער באַלעבאַטישער עם־הארצות, מיט די מסירות פון די זשאַר־גאָנישע מלמדים און מיט אַלע איבעריגע, וואָס שטערן. כאַספּאַניק, איז, אין גרונד, אַ פרידליכער און רוהיגער מענש, וואָס לעבט אין פרידן און רוה אַפילו מיט זיין ווייב, וואָס נאָט האָט אים באַ־שערט. נאָר זעלטן רעדט אים אָן אַ שטן־פאַנטאַזיע זיך קלאָגן, אַז אין זיין שפּלדיגן מעמד איז שולדיג נאָר דאָס, וואָס ער האָט חתונה געהאַט, און ווען ער זאָל ניט זיין געבונדן, ווען ער האָט ניט דעם דאָזיגן „יאָך“ אויף זיך, ווען ער איז פריי... דאַן... דאַן... וואָלט ער זיך אַנטפּלעקט מיט זיין פולער פּראַכט. ס׳רוב פלעגט ער זיך מודה זיין, אַז ער האָט זיך איינגעאָרדענט, אַז אים אַרט אַפילו ניט, וואָס זיין באַשערטע האָט זיך אירע אייגענע גע־דאַנקען און מיינונגען, וועלכע זי שעפּט פון די „וויפוסקן“, וואָס

„איש יהודי“ גיט אַרויס אין פּעטערבורג, און אין האַרצן האָט ער אַפילו הנאה געהאַט, וואָס די דאָזיגע „פלוניתטע“ באַגראָבט ניט שטילערהייד, ווי אַנדערע, איר מאַן. די דאָזיגע „פלוניתטע“ איז טאַקע געווען אַ פרוי, וואָס האָט ליב געהאַט כבוד און רום און האָט זיך געיאָגט נאָך זיי, און הגם זי פלעגט זיך קלאָגן, וואָס איר מאַן, כאַספּאַניק, איז שטענדיג פאַרטאָן אין קהלשע געשעפטן און זיצט וועניג אין שטוב, — האָט זי דאָך הנאה געהאַט, וואָס ער שטייט בראש פון אַלעמען, קעמפט און באַקומט אַ נאָמען. „מיט איין וואָרט“ — ווי כאַספּאַניק פלעגט אַליין ליב האָבן זאָגן, „מיט איין וואָרט“: די מלחמה, וואָס דער דאָזיגער מעגיש האָט געפירט, איז פול געווען מיט פרידן און צופרידנקייט.

ווי זיין ווייב, האָט אויך כאַספּאַניק געהאַט אַ געוויסע צאָל געדאַנקען, מנהגים און פרינציפּן, וואָס האָבן אים צוגעגעבן כבוד אין זיינע אייגענע אויגן, און ער איז זיי איבערגעגעבן געווען מיט לייב און לעבן. באַזונדערם האָט ער זיך באַצויגן מיט פיל רעספּעקט צו זיין געוועהנהייט חקירהן און פילאָזאָפירן וועגן זאַכן, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט זיך אַרויסווייזן פאַר אַ טיפן דענקער און אַ באַטראַכטן לעזער; די העברעאישע ביכער — קיין אַנדער שפּראַך האָט ער ניט געקענט, — וואָס ער פלעגט נעמען אין ביבליאָטעק צו לייענען, פלעגט ער האַלטן ביי זיך זעהר לאַנג און זיי אומקערן מיט באַמערקונגען אויף די ברעגן בלעטלאַך, אונטערגעשריבן: ממ“ח — איניציאַלן פון „מנחם מנדל חספניק“. גראָד האָט ער ליב געהאַט לייענען היסטאָרישע ביכער, ביבל־און־תלמוד־קריטיק, וואָס לאָזן זיך מאַכן באַמערקונגען צו זיי. צו דערציילונגען און צו שירים, וואָס ער אַליין האָט זיך מודה געווען, אַז „ער האָט קיינמאָל זיי אין מויל נישט גענומען“ און אויף וועלכע ער האָט, אויסער צו די דרוק־טעותן, ניט געקאָנט מאַכן קיין שום אויסבעסערונג און באַמערקונג, האָט ער זיך באַצויגן מיט פולן בטול, מיט אַן „עט“ פון אַ פאַרצייטיגן יידן.

אַלע חדשים „סוף זמן“, פאַר דעם, ווי ער איז שותפות געוואָרן מיט ריווקעשן, איז אויף כאַספּאַניקס טיש שטענדיג געלעגן ספּעג־סערס בוך „החינוך“ אין בן־דודס איבערזעצונג, און פון דעם דאָזיגן בוך, פלעגט ער זאָגן, איז ער געקומען דורך אַנאַלאָגיע און לאָגישע אויספירן, הגם עס שטייט בפירוש געשריבן, צום איבערצייג, אַז שלאָגן קינדער ברענגט נישט קיין שום נוצן. און דאָ דאַרף מען זאָגן דעם אמת: איז כאַספּאַניק דערגאַנגען עפּעס אַ געדאַנק, איז ער אים שוין געטריי געבליבן מיטן גאַנצן האַרצן. מיט די קינדער האָט ער זיך, ווירקליך, געקאָנט גוט איינלעבן, און זיי האָבן אים ליב געהאַט, הגם זיי פלעגן אים אין די אויגן אָפּחוזקן פון זיינע לעבערליכע תנועות; פלעגן מיט זייערע קליינע הענטלאַך אים גלעטן דאָס פּנים, מיט פאַרגעניגן זיך שפּילן מיט זיין ווייך, געשוירן און בלאָנד בערדל.

כאַספּאַניק איז געווען פון יענעם סאָרט מענשן, וואָס זייער שמייכל זעהט אין פלוג אויס זעהר נאאיוו און אינדעראמתן זיי־נען זיי גאַניץ פאָרזיכטיגע און באַטראַכטע, קאָנען זיך צופּאַסן און אויך צופּאַסן צו זיך די אומשטענדן, און ווייסן ווי צו פאַרהיטן זייערע אינטערעסן. ער איז געווען ווי אַן אויסנעם פון אַלע זיין גלייכנס העבראעאישע לערער, אויף וועלכע ס׳איז אויסגעפאַלן דער גרעסטער חלק צעדולטקייט און צעטראָגנקייט, וואָס די גלות־יידן האָבן באַקומען. כאַספּאַניק איז געווען געזונט, פראָסט און האָט געוואוסט וואָס ער וויל. „די שיטה הטבעית“ האָט ער אָנגענומען אויך נאָר נאָך דעם, ווי ער האָט זיך לאַנג איבערגעלעגט, און האָט ער זי אָנגענומען, האָט ער שוין מער ניט געטראַכט וועגן איר מעג־ליכקייט און נוץ, און איז געווען גרייט צו קעמפן פאַר איר מיט אַלע כוחות.

און, ווירקליך, זינט דער דאָזיגער קעמפער איז אָנגעקומען אין יצחק ריווקעשעס שול, האָט ער מיט זיך אַריינגעבראַכט אַהין רוה און פרידן: אויס קלאָגן און וויינען. אמת, ריווקעשן איז אַ ביסל שווער געווען אָפּצוהיטן כאַספּאַניקס גזירה ניט אַרויסצורעדן אַפילו קיין איין פרעמד וואָרט, און צומאָל פלעגט ער זיך צעבונטעווען

קענען דער „אײַזערנער האַנט“, װײַל סוף כּל סוף איז ער דאָך באַלעבאָס און ניט כאַספּאַניק; דאָך פֿלעגט ער זיך היטן ניט עובר צו זײַן אויף דעם געבאָט. די באַלעבאַטים האָבן געהאַלטן פֿון כאַספּאַניקן, און װאָס טוט ניט אַ מענטש צוליב דעם, װאָס די צײַט פֿאָדערט? אַגב אורחא: שװער איז געװען ניט נאָר יצחק ריװקעשן, נאָר אויך די קינדער. די דאָזיגע האָבן נאָך ניט דערגרייכט צו כאַספּאַניקס פֿילאָזאָפֿישער מדרגה און האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, צוליב װאָס דאַרף מען האָבן די דאָזיגע מעטאָדע און בשום אופֿן ניט געװאָלט זיך לאָזן אויפֿציִען װי אַ העברעאישער דור...

אָבער, װי די מעשׂה איז, קײן „זשאַרגאָן“ האָט מען דאָרט ניט געהערט; קײן קולות זײַנען ניט צוגעקומען... אַלע דרײַ קולות זײַנען מיט אַמאָל אַנטשװיגן געװאָרן.

## ו.

דער קליינער קאַסטן ספרים, וואָס האָט סוף כל סוף באַקו־מען אַ מקום־מנוחה אין יצחק ריווקעשעס הויז, איז באַשטאַנען פון עטליכע און ניט וויכטיגע ביכער: איינגעבונדענע אַלטע צייטונגען, אַלטע און צעריסענע בענד „חטאת נעורים“, „הריסות־ביתר“, דער פערטער טייל „עיט צבוע“, דער צווייטער טייל „התועה“. אָבער די גלגולים און ענדערונגען, וואָס די דאָזיגע ביבליאָטעק האָט געהאַט אויסצושטיין ביז זי איז אַריינגעגאַנגען אין רשות פון דער קאָמיסיע ביים קולטורפאַראיין „בני ציון“ און אויך נאָך דעם, זיינען געווען זעהר אַ סך און גאַנץ משונהדיגע.

אַבראַמזאָן האָט געוואוסט און געדענקט די געשיכטע פון דעם דאָזיגן קאַסטן ביכער, וואָס האָט אַ שייכות אויך צו „זיין פאַרגאַנגענהייט“. ס'איז געווען אַ הייסער זומער; אַ נייס איז פלוצים געשעהן אינם געמויערטן הויז, אין ר' מנחם עמקנס ישיבה, וואו אַבראַמזאָן, דעמאָלט נאָך אַ יונגער, איז געווען פון די קלענסטע תלמידים ביים „גרויסן טיש“. ס'איז אַרוים אַ קלאַנג: ווער פון די ייִנגלאַך וויל לערנען דקדוק, לייענען „מליצה“, לערנען רוסיש, — זאָל קומען אין אַ געוויסן אָרט אין שטאָט און דאָרט וועט זיין באַגער באַפרידיגט ווערן: די א.־ער משכילים האָבן זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט צו לערנען און בילדן יעדן, ווער עס וויל נאָר. די באַוועגונג אין שטאָט אָנ־צורעדן און אַראָפּצופירן פון וועג איז געווען גרויס. אַ סך שלעכטע כוונות האָבן אַרומגעטראָגן זיך אין דער לופטן און זיבן משכילים האָבן זיך געיאָגט נאָך איין ישיבה־בחור.

ער איז נאָך יונג און צאַרט דעמאָלט געווען. די דאָזיגע אַלע

קלאַנגען און נײַס האָבן געמאַכט אַ משונהדיקן רושם אויף דעם עקזאַלטירטן בחור; דער אײַנדרוק איז געווען ווי פֿון עפּעס אַ מסוכּנער און דאָך צוציהענדער זאַך, אַן אַנגענעמענער רושם, ווי פֿון עפּעס אַ מעשׂהלע־צוזאָג... און אײנמאָל פֿרײַטאָג בײַ־טאָג האָט ער זיך שוין מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און איז גע־גאַנגען אַ קוק טון. ער מוז זעהן — און זאָל זײַן, וואָס ס'וויל זיך! הגם פֿון דרויסן, פֿון ווײַטן אַ קוק געבן. און פֿון אַלע נײַע אײַנדרוקן אין יענעם טאָג זײַנען אים פֿאַרבליבן אין זכּרון: אַ שמאָלער אָפֿענער פֿענסטער... אינעווייניג אין אים אַן אָפּגע־דעקטער קאָפּ. אַ ברייטער שטערן, אַ פֿאַטלע שוואַרצע האָר... אַ זײַדן בלויז העמדל מיט אַ הויכן קאָלנער, וואָס פֿאַרשפּילעט זיך בײַ דער זײַט מיט שוואַרצע קנעפּ... אַ מאָגערער געגאָלטער בחור... און אָט דאָס איז די אַנדערע וועלט, די השׂכּלה־וועלט...

דאָרט איז אויך געשטאַנען דער קלײנער קאַסטן. די יענינע חברים זײַנע, וואָס זײַנען צוגעגאַנגען ביז צו יענעם אָרט, האָבן גערעדט עטליכע ווערטער מיטן בחור, האָבן גענומען בײַ אים אויך ביכלאַך פֿאַרשיידענע, און ער, אַבראַמזאָן, האָט אין דער דאָזיגער צײַט געטראַכט וועגן זײַן פֿאָטער, וואָס אין א., וועגן דער באַזונדערער פֿאָרזיכטיגקייט, וואָס אַבראַמזאָן דאַרף אָננעמען, כּדי זיך אָפּהיטן, און ער איז אָפּגעטראָטן און זיך געשטעלט פֿונ־דערווייטנס, און נאָר פֿון די, וואָס זײַנען צוגעגאַנגען צו אים, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אין יענעם קאַסטן זײַנען פֿאַראַן אַ סך העברעאישע מליצה־ביכלאַך. פֿון די זעלבע האָט ער זיך אויך דערוואוסט, אַז דער, וואָס זיצט דאָרט, צעפּרעגט זיך, דער עיקר, צי קענען זײ רוסיש און וועלן צי זײ לערנען די דאָזיגע שפּראַך, וואָס ס'איז זעהר נויטיג צו קענען זי. איצט האָט ער זיך דער־וואוסט, אַז יענער מענש פֿון דער „אַנדערער וועלט" איז גאָר ניט אַזאַ געפֿערליכער; דאָ מײנט מען ניט אַזוי די אַפּיקורסות און דעם לשון־הקודש; דאָס איז נאָר אַ בײַ־זאַך און מע באַנוצט זיך מיט זײ אין אַ קלײנער מאָס, נאָר כּדי „אַרײַנציהען" אין אַן אַנדער זאַך. זײַן הויפּט־כּוונה איז גאָר וועגן אַנדערע זאַכן.

און נאָך דעם זעלבֿן זומער, ווען די ייִנגלאַך פֿון זײַן גלייכנס, די ערשטע, וואָס זײַנען צוגעגאַנגען צו יענעם פֿענסטער, האָבן שוין באַוויזן אויסצולערנען דעם „אהבת ציון“, האָט ער אָנגעהויבן שטילן זײַן דאָרשט פֿון יענעם קאַסטן. ער האָט דאָס געטאָן באַהאַלטן, מיט גרויס חשק און שעמעוודיקייט: ער וואַרפֿט אַוועק דעם „שיעור“ אין דער שווערער מסכתא „יבמות“ און דאָס לערנען „פֿאַר זיך“ אין דער טיפֿער מסכתה „עירובין“ — און לייענט די „ספֿרי אַגורה“! אָבער וואָס זאָל ער טון — דער יצר־הרע רעדט אָן! וואָס קאָן ער טון, אַז די פּעטיט־אותיות, די קליינינקע, די שענינקע, וואָס ציִהען אַזוי צו, זײַנען פֿאָרט אים שטאַרק נאָהענט צום האַרצן? וואָס זאָל ער טון — אַז די קליינע און לעבעדיקע בלעטלאַך געפֿעלן אים פֿאָרט אַזוי, באַצווינגען אים, באַצויבערן אים? וואָס קאָן טון אַ יונג, צאַרט בחורל דעם גרינגן טרוקענעם ווינטל, וואָס רײַסט זיך אַרײַן אין דער סאַמע זומערדיקער היץ, ניט אַריבערצוטראָגן, דורך די פֿאַרשמוציקטע טונקעלע פֿענסטער און וויל מישן אַ ביסל די גראָבע, שווערע, פֿאַרשווייסיקטע און פֿאַרעיפּושטע בלעטער?...

נאָר אָט איז יענער זומער אַוועק. אַבראַמזאָן האָט פֿאַרלאָזט די שטאָט און זיך אומגעקערט אַהער אין עטליכע יאָר אַרום — און דער קאַסטן ביכער איז נאָך אַלץ דאָ, אָבער אין אים זײַנען שוין פֿאָרגעקומען ענדערונגען. דער בחור, וואָס איז געזעסן נעבן דעם דאָזיקן קאַסטן, האָט זיך שוין געפֿונען אַן אַנדער „וועג אין לעבן“ און דער קלאָגעדיקער קאַסטן מיט זײַנע עטליכע ביכלאַך, וואָס זייער צאָל איז נאָך קלענער געוואָרן צוליב די גנבֿות און צוליב דעם, וואָס מ׳האָט אים ניט אומגעקערט די גענומענע ביכער, איז אינגאַנצן פֿאַרגעסן און פֿאַרלאָזט געוואָרן, און נאָר דאָס, וואָס ער האָט ניט געהאַט וואו צו שטיין אָדער וואו צו באַגראָבן ווערן, האָט אים מציל געווען, און מ׳האָט זיך דערמאָנט אָן אים. האָט ער אָנגעהויבן וואַנדערן פֿון דירה צו דירה, איז אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון איין שטוב אין דער צווייטער; ס׳איז געווען פּשוט אַ רחמנות צו זעהן: קיינער האָט זיך ניט גע־

פונען, וואָס זאָל מאַכן אַ סוף צו דעם אַלטן צעשפּאָלטענעם קאַסטן און צו זיינע עטליכע צעריסענע ביכלאַך, אָדער אים אַרײַנצונעמען אין אַ שטוב און זיך מטריח זיין אים ברענגען אין אָרדענונג. דער ערפאָלג פון ציוניזם אין א. האָט סוף כל סוף געמאַכט אַן ענדע צו זיין אַרומוואַלגערן זיך — און יצחק ריווקעש האָט אַ דאַנק דער מיה פון אייניגע יונגע־לייט, וואָס זיינען דעמאָלט אַרויס איבערצוקערן אַ וועלט, אים אַרײַנגענומען, דעם וואַנדערנדיגן קאַסטן, צו זיך אין שטוב אַריין, אין דעם אַלקעריל, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ היגערשטייג און וואו ס׳פלעגט שלאָפן דעם באַלעבאָס ברודער, זלמן דער קראַנקער פאַרבער. די דאָזיגע ביידע אומגליקליכע קוואַרטיראַנטן, דער דומם און דער חי, זיינען געווען ברידער אין איין צרה, ווייל די באַלעבאָסטע האָט זיי ביידן באַגלייך ניט געקאָנט פאַרטראָגן. ביידע האָבן איר ניט געצאָלט קיין דירה־געלט. שפּעטער, אַז מע האָט אָנגעהויבן צאָלן פאַר דער ביבליאָטעק, איז דער קאַסטן געוואָרן אַ ביסל חשובער ביי איר, אָבער איר שוואָגער, זלמן, וואָס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ קראַנקער, איז איר געווען ווי אַ בעלמע אין אויג און זי האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי ווערט מען פון אים פּטור.

אויף וואָר, אַ גוטע צייט האָט זיך אָנגעהויבן פאַרן קאַסטן. דער פאַראיין „בני־ציון“ מיט ה׳ שיינדילינסקי בראש, האָט באַוויזן וואונדער און זעקס „פרייווילליגע זיצערס“ זיינען באַשטימט געוואָרן אַרויסצוגעבן אַלע זעקס וואָכעדיגע טעג ביכער די באַזוכער פון לייען־זאַל.

די „זיצערס“ נעמען האָט דער „סעקרעטאַר“ אַרײַנגעשריבן צום אייביגן אָנדעק אין דעם פאַראיינס פּנקס און אַלץ איז געווען גלאַט און קיילעכדיג. אמת, מ׳האָט געוואוסט, אַז דאָרט איז פאַראַן אויך אַ „זיצערין“, פריילין נאַכמין. צווישן די איבעריגע פינף זיינען געווען, אויסער כאַספאַניקן, אויך די צוויי ברידער האָכמאַן, ה׳ גאָלדשטיין און דער „אַווטאָר פון די דאָזיגע שורות“, ד. ה. דער סעקרעטאַר, ה׳ בעקער מיט זיין אייגענעם כבוד אַליין. ה׳ שיינדילינסקי האָט געמאַכט אַ תקנה, אַז די ביבליאָטעק זאָל

שבת זיין צו. — „דער יידישער נאַציאָנאַליזם — האָט דוד בן ישי מאָטיווירט אין זיין תּקנה — איז ווי אַ פּלאַם מיטן קנויט ענג פאַרבונדן מיט דער רעליגיע. קיין לאַנד האָבן מיר ניט, און דערמיט האָט ניט אונזער „לאומיות" קיין באַזיס און קיין באָדן אונטער זיך. ווען ניט דער „דת", האָט ניט דער יידישער נאַציאָנאַליזם זיך אויף וואָס אָנצושפּאַרן. און שבת איז איינער פון די עקרי היהדות. אָפּהיטן שבת איז איינער פון די פונדאַמענטן, איינער פון די שטאַרקע זיילן אין דער „לאומיות" פון אונזער עפּאָכע, אין דעם נאַציאָנאַליזם, וואָס פאַרכאַפּט אין אונזער צייט „יעדער יידיש האַרץ, וואָס האָט אַ האַרץ אין זיך".

און די דאָזיגע „לאומיות" האָט טאַקע אַליין מער פאַרכאַפּט „יעדער יידיש האַרץ, וואָס האָט אַ האַרץ אין זיך". פון וואָך צו וואָך זיינען צוגעקומען נייע חברים אין פאַראיין, אַפילו יצחק ריווקעש אַליין איז איינצייטיג געווען אַ מיטגליד אין דער „אגודה מזרחית" און אין קולטורפאַראיין „בני-ציון". דאָך איז די פינאַנס-לאַגע ניט פיל בעסער געוואָרן פון דעם, און צו די ביכער אין קאַסטן זיינען צוגעקומען נאָר זעהר ווייניג. די שטענדיגע לעזער פלעגן יעדן טאָג איבערבלעטערן דעם פאַרגרייזטן און פאַרוועלנדטן קאַטאַלאָג אָן אַ שום „פועל יוצא" דערפון. די איינגעזעסענע צווישן זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו האָבן תּרעומות, וואָס „ס'איז לחלוטין ניטאָ קיין רעכטער בוך צום לייענען". אַפילו יצחק ריווקעשעס תּלמידים אַליין, וואָס זיינען אַדאַנק דער השתדלות פון זייער לערער, אויך אַריינגעשריבן געוואָרן אין צעטל לעזער, האָט דער ביבליאָטעקאַר נאָך דעם, ווי זיי האָבן באַקומען איין מאָל „מסתרי פּאַריז" און איינמאָל "כור עוני" ניט געהאַט מער וואָס צו געבן זיי, אויסער סאַמועלים „פּרצופים" און ד. גל. אָבער אַזוי צי אַזוי, ווייסן אַלע, אַז די ביבליאָטעק האַלט, דאַנקען גאָט, אין איין בליהען און פראָגרעסירן, און די צאָל באַזוכער אירע פאַרגרעסערט זיך אויך. אין פריילין נאַכמינס טאָג איז דאָרט אַן ענגשאַפט, אַ שרעק. די דאָזיגע באַלעבאַטישע טאָכטער, אַ ביסל אַ גרעבליך מיידל, אָבער ניט

קיין מיאוסע און ניט קיין אַלטע, האָט זיך געפּלייסט, מ׳זאָל זעהן, ווי זי איז פול מיט חן, ווי גוט זי באַגייט זיך מיט מענשן און וואָס פאַר אַן איידעלן כאַראַקטער זי האָט, און דעריבער פלעגט זי שטענדיג מיטברענגען מיט זיך פריינט און חברטעס און פלעגט פאַרהילכן דעם קאָפּ מיט איר קול און אַרויסזאָגן אירע מיינונגען.

באַזונדערס פלעגט דאָס שאַרפע קול פון דער דאָזיגער „חברטע" לעכערן דעם קאָפּ אויף די פאַרזאַמלונגען און איר „אַרויסזאָגן זיך" האָט מען געהערט מער פון אַלץ. אין אַזעלכע היציגע שעה׳ן פון אַפּלאָדיסמענטן און אַרויסזאָגן זיך, פלעגן אירע אויגן ברענען מיט חשד־פייער אויף אַלע פאַרזאַמלטע און די קליינע פּוסטקייט, וואָס האָט זיך געשוואַרצעלט אין דער אויבער־שטער שורה ציין, האָט געשפּריצט מיט שוים.

---

בקיצור, די „פאַרוואַלטונג" איז געוועזן צופרידן. כּדי די האַר־מאָניע זאָל זיין אַ פולע, האָט ניט געפעלט אויך קיין קריטיק אויף די פאַרזאַמלונגען. דער געשוואוירענער קריטיקער איז גע־וועזן כאַספּאַניק. די הויפּט קריטיק איז געווען געווענדעט קעגן די „זיצערס", וואָס פעלשן אין זייער אַרבעט: קומען שפּעט, אָדער קומען בכלל ניט; דאָס איז געווען ה׳ גאָלדשטיינס און פרייליין נאַכמינס פעלער.

— ווער וועט קאָנען זאָגן אויף מיר, — האָט כאַספּאַניק גע־טענהט, — אַז איך האָב אַפילו איין טאָג ניט דערפילט מיין חוב! פאַרוואָס? ווייל איך וויים, אַז כלל־זאַכן זיינען ניט קיין פּריוואַטע אינטערעסן — דאָס איז צוויי מלוכות, וואָס איינע רירט ניט אָן די צווייטע אויף אַ האָר... דער ה׳ גאָלדשטיין און די פרייליין נאַכמין אָבער... — גאָט איז מיין עדות, איך האָב פיינט באַרעדן, אָבער וואָס זאָל איך טון? מיר איז אַריסטאָ־טעלעס טייער, מיר איז טייער פּלאַטאָן — אָבער דער אמת איז מיר טייערער פון זיי ביידן. און דעם אמת געזאָגט, צי דען

אַזוי פֿאַרנעמט מען זיך מיט כּלל־זאַכן ? גאָלדשטיין און נאָכ־
מין שפּילן זיך אין בייטערלאַך : איך אין דיין טאָג און דו
אין מיין טאָג, און צוליב וואָס איז דאָס? טובת הכּלל איז ניט
קיין שום־כּלל. דאָס איז שוין אַ באַשלאָסענע זאַך : אַ „יחיד"
און אַ „רבּים", איז דער „רבּים" בּילכער. און זיי מישן אוים
די יוצרות.

דער סעקרעטאַר בּעקער פֿלעגט אויך צוגעבּן מיט אַ גיפֿ־
טיג שמייכעלע עפּעס אַ שטאָכוואָרט, וואָרן אים איז אויך
נוגע געווען די זינד פֿון די „ערשטע". גאָלדשטיין האָט געהאַט
עטוואָס אַ ווייך סאַמעטן קול, איז געווען אַ מענש מיט פֿיינע
מאַנירן און פּאָעטישע בּאַוועגונגען, בּכלל אַן אויסגעפּוצטער בּחור,
און דאָס אַליין איז גענוג געווען צו דערוועקן קנאה און כּעס,
אָבער, חוץ דעם, זיינען נאָך געווען אייניגע סיבּות אין דעם
דאָזיגן ענין...

העד גאָלדשטיין פֿלעגט בּרענגען זיין קרבּן, דריי שעה זיצן
זונטאָג, ווען ער איז געווען פֿריי פֿון זיין אַרבּעט אַלס הויפּטאָנגע־
שטעלטער אין אַ הורט־קראָם. בּטבע אַן אָרנטליכער מאַן
און פּעדאַנט, האָט ער זיך געפֿלייסט מקיים־זיין זיין נדר, ווי ס'גע־
הער צו זיין. האָט זיך אָבער, מעשה־שטן, אַריינגעמישט דאָס
דאָזיגע מיידל, וואָס פֿלעגט די צווייטע נאָך אים בּרענגען איר
קרבּן, זיין שכנה פֿריילין נאַכמין. די דאָזיגע „צערטליכע"
פֿלעגט אים אַראָפּשלאָגן פֿון גוטן וועג און מיט פֿאַרשיידענע
אויסריידן און טעמים אים בּרענגען דערצו, ער זאָל זיך מיט איר
בּייטן מיט די טעג : זייַ דו אין מיין טאָג און איך אין דיינעם.
זי האָט געהאַט גאַנצע פּעק מיט אויסריידן ! ס'גייט איר אין
לעבּן ! און זי בּעט נאָר אים, גאָלדשטיינען. בּעקערן בּעטן
— דאָס איז דאָך אוממעגליך ; דער דאָזיגער פּרא־אדם...

און בּעקער האָט געוואוסט...

און, אַז ס'פֿלעגט קומען זונטאָג די שעה צו עפֿענען די בּי־
בּליאָטעק, איז דער צימער פֿול געוואָרן מיט געשרייען : —
די לעזער זיינען שוין געקומען — און דער קאַסטן איז פֿאַר־

שלאָסן. דער באַלעבאָס, וואָס האָט ניט געוואוסט, צי וועט קו-
מען ע ר אָדער ז י , ווייל ניט געבן די פאַרזאַמלטע די צײ-
טונגען, וואָס זיינען אָנגעקומען נאָך בייטאָג, און האָכמאַן דער
עלטערער ברודער איז צופרידן מיט דעם ענין און קערט וועלטן.
וואָס, אים אויך וועט מען ניט גלויבן ? ער אליין איז דאָך אַ
„זיצער" מיטוואָך. דער רעפאָרמירטער מלמד, יצחק ריוו-
קעש, לעגט אַוועק זיין לינקע האַנט אויף דער ברוסט און מיט
דער רעכטער פאַרשפּילעט ער דעם קאָלנער פון זיין העמד,
וואָס פאַלט אַראָפּ, ווייל ס'פעלט אַ קנעפּל : „פּאַני האָכמאַן,
איך בעט אייך, פּאַני האָכמאַן"... בעקער האַקט אים איבער
און ערגערט זיך: „אינדעראמתן, וואָס איז דאָס פאַר אַ „רציחה",
פאַרוואָס קומט ניט גאָלדשטיין ? ביז ווי לאַנג נאָך וועלן מיר
וואַרטן ?" און האָכמאַן האַלט זיך ביי זיינעם : די „הצפירה" !
נאָר די „הצפירה" ! ער וויל פון גאָרנישט ניט וויסן ! די „הצפירה"
און מער נאָרנישט ! דעמאָלט הויבט זיך יצחק ריווקעש ווײ-
טער אָן צו בעטן : „אפשר וועט זי קומען — זי וועט דאָך
מאַכן אַ גוואַלד : פאַרוואָס האָט מען געגעבן די צייטונג אָן
איר דערלויבעניש ? ס'איז דאָך שוין איין מאָל געווען אַזאַ
געשיכטע. און, חוץ דעם, די דאָזיגע „יאַבעדניצע" האָט שוין
ניט איין מאָל אָנגעדערציילט אויף אים שיינדילינסקין: שמוץ...
דאַרף ער דען נאָך זאָגן וואָס זי איז ? און וואָס מיינט פּאַניע
האָכמאַן ? ער, יצחק ריווקעש, וואָלט אים ניט געגעבן די צייטונ-
גען, ווען דאָס זאָל זיין אָן אים געווענדט ?.. מיר איז אַ וואונ-
דער פּאַניע האָכמאַן. — אָבער,, האָכמאַן, וואָס איז, וואָס ווילסטו?
— פאַרענטפערט זלמן דער קראַנקער, וואָס האָט ניט געקאָנט
אַריבערטראָגן דאָס וואָרט „פּאַניע", זיין ברודער דער באַלעבאָס,
— צי דען איז דיר שווער צו וואַרטן נאָך אַ פּאָר מינוט ? וואָס
איז, קאָנסטאַנטינאָפּאָל ברענט ?"

דער געפילדער ווערט אַלץ גרעסער. האָכמאַן איז מלא
שמחה. ער האָט אַ נייס מיט וואָס צו ווערטלען זיך. וואָס ?
זלמן וועט שוין אויך קריטיקירן, אָט דער דאָזיגער, וואָס איז

חצי־אונזערער און חצי־אונזערע קעגנערס, זאָל ער אָננעמען וואַסער אין מויל און שווייגן. די אַלע גרויסע נייסן, וואָס דאַרפן פאָרקומען אין גיכן אינם ציוניזם, האָבן קיין שייכות ניט צו אַזאַ איינעם, ווי ער. ער האָט געהערט, וואָס דער אַדוואָקאַט זשוק האָט נעכטן געזאָגט אין שול? שיינדילינסקי האָט אויך גערעדט — אַ מחיה, „מהרסיך ומחריביך ממך יצאו“ („דיינע צעשטערער און דיינע חרובמאַכער זיינען פון דיר אַרויסגעקומען“).

זלמנס אויפגערעגט און שווינדזוכטיג פנים ציהט זיך אויס און ער פראָטעסטירט קעגן האָכמאַנס רייד מיט זיין קול, וואָס גייט אַרויס פון אַ ליידיגער ברוסט און פון קראַנקע לונגען, און דערווייזט, אַז ניט ביי שיינדילינסקין וועלן מיר זיך לערנען; און אויב זיין, זלמנס, מיינונג איז ניט ווי די, וואָס זאָגן, אַז דער פראָלעטאַריער קאָן ניט אַרבעטן צוזאַמען מיטן בורזשואַ אינם ציוניזם, אויב ס'איז אַפילו אמת, אַז ער און שיינדילינסקי זיינען באַגלייך יידן, פאַרטריבענע, פרעמדע און קאָנען גיין אויף איין וועג, הייסט עס נאָך ניט, אַז ס'איז גאָר ניט פאַראַן קיין אונטערשייד צווישן שיידילינסקין דעם גביר און אים, זלמן, וואָס צאַנקט פון שווערער אַרבעט און נאָך מער פון אַרבעטסלאָזיגקייט. מע דאַרף אַפילו האָפן, אַז אין דער יידישער מדינה וועט די לאַגע זיך ענדערן, אין ארץ־ישראל וועלן מיר זיין די ערשטע צו פאַרריכטן דעם פעלער, אָבער, דאָך, קאָן מען ניט באַשולדיגן יענע, וואָס האָבן נעכטן געמאַכט אַ טומל אין בית־המדרש, ווען שיינדילינסקי האָט געדרשנט. ווייל ווער זיינען די צעשטערער און צעברעכער, אויב ניט ער און זיין קלאַס?

— אָט דאָס זאָג איך דאָך תמיד, — שלאָגט איבער כאַספאַניק מיט זיין שטילן און רוהיגן קול און מיטן כלומרשט נאַאיוון שמייכעלע די רייד פון דעם פשוטן „באַלמעלאָכע“, ווי ער האָט געהאַלטן זלמנען, — „זאָלסט ניט מבזה זיין אַזוי אַ גר אין די אויגן ביזן צעהנטן דור“. אָ... און מיט דעם ווערטל האָט ער געוואָלט אַ שטאָך טון זיין אָפּאָנענט דעם „פועלי־ציוניק“, וואָס איז ניט לאַנג צוגעשטאַנען צו דער פאַרטיי.

די לעצטע טעג איז זלמן געוואָרן כאַספּאַניקס קעגנער אויך בנוגע צו אַבראַמזאָנען. אויף איין פאַרזאַמלונג בײַ די „בני־ציון" איז נאָך אַ שאַרפער קריטיק מצד כאַספּאַניקן קעגן די פריוויליגע „זיצערס" באַשלאָסן געוואָרן דינגען פאַר געהאַלט אַ שטענדיגן פאַרוואַלטער איבער דעם קאַסטן ביכער. יצחק ריווקעש האָט געוואָלט, מע זאָל איבערגעבן די דאָזיגע בכבודיגע שטעלע אַבראַמזאָנען. ער האָט, אגב, געהאַט אין דעם נאָך אַ מיין: זאָל זיך אַבראַמזאָן פאַרנעמען מיט דער דאָזיגער אַרבעט, וועט ער ניט זוכן קיין פריוואַטע לעקציעס און ניט קאָנקורירן מיט אים. כאַספּאַניק, וואָס איז בטבע געווען אַ מענש אָן אייגענע פניות און האָט ניט מורא געהאַט פאַר אַבראַמזאָנס קאָנקורענץ, ווייל ער איז געווען באַקאַנט ווי אַ ספּעציאַליסט אין פּעדאַגאָגיק, — האָט זיך באַצויגן צום ענין אָרנטליך און אָן שום זייטיגער כוונה געשטעלט אַ פראַגע: ניט קיין ציוניסט קאָן מען דאָך ניט אַוועקזעצן אויף אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכן פּאָסטן, און ווער־זשע וועט דערווייזן, אַז אַבראַמזאָן איז אַ ציוניסט? קיין חבר אין דער „אגודה" איז ער ניט. האָט בעקער, דער סעקרעטאַר פון דעם פאַראיין, אַ זאָג געטאָן: „ניתו ספר ונחזה!" („זאָל מען נעמען דעם בוך און אַ קוק געבן!"). לאָמיר דורכקוקן אַבראַמזאָנס מאמר אין דער „התחיה", וועלן מיר זעהן! דאַן האָט האָכמאַן מודיע געווען, וואָס אַלעמען איז באַקאַנט געווען, אַז די „התחיה" איז אין ביבליאָטעק ניטאָ און אז מע קאָן זי קריגן בײַ שיינדילינסקין, דעם איינציגן אַבאָנענט אויף דעם דאָזיגן אָרגאַן אין שטאָט. האָט מען געהאַט תרעומות אויף שיינדילינסקין (ער איז ניט געווען אויף דער פאַרזאַמלונג) דערפאַר, וואָס ער זאָרגט ניט פאַר דער „אגודה"... ווי די מעשה איז, כאַספּאַניקס פראַגע איז געבליבן אַ פראַגע. דערזעהן אַזאַ מין ערפאָלג, האָט ער גענומען באַווייזן אַ ביסל זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען. „וועגן די שיטות פון פאַרשיידענע ציימונגען און זשורנאַלן און וועגן די רעכט פון די שרייבער און רעדאַקטאָרן". און פון די דאָזיגע

הקירות איז געוואָרן קלאָר, ווי דער טאָג, אַז די „התחיה“ איז אַן אַנטיציוניסטישער אָרגאַן און אַז אַבראַמזאָן איז ניט די געוואונשטע פּערזאָן... און קיינער האָט זיך קענן אים ניט געשטעלט, אויסער זלמנען. זלמן איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צו קריגן אויף זיינע רייד. זיין קרענק איז געוואָרן די לעצטע טעג שוואַכער אַ ביסל און דאָס קול ביי אים איז ניט אַזוי שלאַבעריג. אמת, ער האָט געמוזט מודה זיין, אַז לייענען העברעאיש קאָן ער, צו זיין באַדויערן, נישט, אָבער, ווי אַזוי קאָן מען זאָגן אויף אַבראַמזאָנען, אַז ער איז ניט קיין ציוניסט? קאַרג מאָל איז ער, זלמן, געווען ביי אַבראַמזאָנען? האָט ער דען ניט געהערט זיינע רייד? פאַרשטייט זיך, ער קאָן ניט איבערגעבן פּינקטליך אַבראַמזאָנס ווערטער, אָבער דעם זינען זייערן וועט ער קיין מאָל ניט פאַרגעסן. אַבראַמזאָן איז ניט קיין ציוניסט? אויב אָבער אַבראַמזאָן איז ניט קיין ציוניסט — איז ווער־זשע דאַן שוין יאָ אַ ציוניסט?

## ז.

אוריאל דאַווידאָווסקים פּאָטער, משה=אהרן דער סטאָליער, איז געווען אַ גרויסשטאָטיגער ייד, אַ נידעריגער און אַ שוואַכער און האָט גערעדט מיטן לשון „טע=טע=טע“. ער האָט גערעדט ווייניג און תמיד נאָר פון איין זאַך: וועגן די באַלעבאַטים, וואָס באַניצן זיך אַליין ווייניגער מיט באַלמעלאָכעס און עזות פון איצטיגע אַרבעטאָרער — טע=טע=טע: די בלויע רעדער אונטער זיינע אויגן, דאָס שטענדיגע כריפּען אין זיין ברוסט, צוזאַמען מיט דער אָרימקייט פון זיין אומעטיגער ווייבס קליידער און די צעריסענע בגדים אויף די קליינע קינדער, וואָס זינגען „אָבער אלקינו“, — אָט די אַלע סימנים פון אָרימקייט און יידישער נאַטירליכער שוואַכקייט האָבן אַ ביסל פאַרקלענערט דעם געפיהל פון פאַראַכטונג און עקל, וואָס ער פלעגט אַרויסרופן מיט זיין קליגן זיך און טענות האָבן. בעת ער האָט גערעדט, האָט ער שטאַרק געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ נאַסער פליג, וואָס קלעפּט זיך אָן דעק פון אַ גלאָז, וואָס איז פול מיט מוטנער פליסיגקייט. און אַז אַבראַמזאָן פלעגט זיך צוקוקן צו אָט דער דאָזיגער פליסיגקייט, וואָס האָט געמאַכט געבוירן קינדער, און צו דער גאַנצער לופט, אין וועלכער זי זומט איר „זשום“, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם איינציגן שענעם אָדלער — אָן אוריאלן, — וואָס איז געבוירן געוואָרן פון אָט דער דאָזיגער פליג, און ס'פלעגן זיך אין אים דערוועקן אַ סך געדאַנקען און ספקות וועגן דער אָנגענומענער חכמה, צו וועלכער ער פלעגט זיך, געוויינטליך, תמיד באַציהען מיט ערנסט, און וואָס צו אירע אמתן געהערן אויך די שפּריכווערטער „כעץ כּן פּריו“ („וואָס פאַר אַ בוים,

אזאַ פּרוכט״), „בנא כרעא דאבוה״ („אַ זון איז געראָטן אין פאָטער״), „כאמא כבתה״ (וואָס פאַר אַ מאַמע, אַזאַ טאָכטער״), א. ד. גל.

זינט אַבראַמזאָן האָט זיך אַריינגעקליבן אין דער דאָזיגער אָרימער דירה, האָט ער זיך אָנגעהויבן באַציִהען צו אַלע מענשן מיט אַ גרינגער און ווייכער לייטזעליגקייט, און ער האָט אַליין ניט געוואוסט, וויפיל איז פאַראַן אין דעם דאָזיגן זיך דערנעהענ־טערן צו דער משפחה רחמנות און אנטייל אינם צער פון דער שווערער לאַסט, וואָס די דאָזיגע מענשן טראָגן אויף זיך, און וויפיל איראָניע ביים קוקן פון דער הייך אויף אַלע זייערע אינ־טערעסן, אָנשויאונגען און מעלות. אוריאל דאַווידאָווסקי איז געווען דער אייגאונאיינציגער, וואָס האָט דערוועקט אין אים אַ טיפע אַכטונג און אַ שטאַרקע צוגעבונדענקייט. אמת, אַבראַמזאָנען, וואָס האָט תמיד געשטרעבט צו אַרבעט און טעטיגקייט, האָט וועה געטאָן דאָס האַרץ אויף דעם דאָזיגן שענעם און צווייג־האַפטיגן בוים, דערפאַר, וואָס ער איז פרוכטלאָז; ער האָט אָבער געזעהן זיין הייך און זיין צווייגנשענקייט און זינט ער האָט זיך באַזעצט אויף דעם דאָזיגן בוים־וואָרצל, — האָט זיך אין אים דערוועקט אַ סימן פון אַ פראַגע־צייכן בנוגע צו דעם באַטייט, וואָס די סביבה, ירושה און דערציהונג האָבן ביים אויסבילדן פון אַ וויכטיגן מענשן.

טאָג־טעגליך האָט אַבראַמזאָן געהאַט די מעגליכקייט צו זעהן יענע לעבנס־בילדער, וואָס האָבן באַדאַרפט אַוועקלעגן זייער שטעמפּל אויף אוריאל דאַווידאָווסקיס נשמה — בילדער גרויע, אויסגעדראָשענע און פוילע, אָן שום פאַרב...

אַבראַמזאָנען איז אויך באַקאַנט געווען די באַנאַלע שטאָ־טישע דערציהונג, אין וועלכער דער דאָזיגער מענש איז אויפגע־צויגן געוואָרן: דרדקי־מלמדים, וואָס באַווייזן פאַר אַ גאַנצן זמן דערפירן דאָס סאַמע פעהיגסטע קינד ביז „פּיטום הקטורת״ און די שול „בית־ספר־עברי״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך

איינעם פֿון די פֿאַרבליבענע „אינסטיטוטשיקעס“, וואָס טרעפֿט, אַז מע גייט אַרויס פֿון דאָרט מיט קענטענישן איבערצוזעצן דאָס ערשטע קאַפּיטל „ישעיה“ און אָנשרייבן אַן אַדרעס. אַבראַמזאָן האָט אויך געוווּסט, אַז נאָך דעם למוד פֿונם דרדקי־מלמד און פֿון דער שול „בית־ספר־עברי“, האָט אוריאל געפּרוּווט עטלעכע יאָר זיין אַן עקסטערן — ווי דער מנהג איז בײַ די יונגע־לײַט פֿון אָרימען באַלעבאַטישן גראַד.

אַבראַמזאָן און דאַווידאָווסקי זיינען ביידע אויפֿגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אָן שום סדר און מעטאָד, ביידע זיינען געווען ניט דיסציפּלינירט, ביידע האָבן זיך זעהר פֿריה אַנטוויקלט. נאָר אין דער צייט, ווען דער קלויזניק האָט מלחמה געהאַלטן מיט דער טראַדיציע פֿונם אַלטן בית־המדרש, אין דער זעלבער צייט, וואָס אַבראַמזאָן האָט זיך געפּיינִיגט און געמיהט אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם יאָך פֿון דער אַלטער יידישקייט און צעריסן אירע קייטן — איז דאַווידאָווסקיס נשמה, וואָס האָט ניט געהאַט פֿון וואָס זיך צו באַפֿרייען, געווען פֿולקום פֿריי און ס׳האָט איר גאָרניט ניט געשטערט פֿאַרטיפֿן זיך אין דער דייטשישער פֿילאָזאָפֿיע, אין קאַנטן און העגעלן. אַבראַמזאָן, אַז ער האָט אָנגעהויבן לערנען „תשבורת“, האָט ער שוין לאַנג געוווּסט דעם „סוד הצמצום“, און דאַווידאָווסקי, האָט נאָך איידער ער האָט באַקומען זיין גימנאַזיע־אַטעסטאַט, געוווּסט שוין לאַנג דאָס קלאָרע ניט־וויסן וועגן דעם אַבסאָלוטן ניט־וויסן — הגם דאַווידאָווסקי איז געקומען צו דער בילדונג ניט צוליב דעם, ער זאָל באַקומען דעם טיטל „דאָקטאָר פֿילאָזאָפֿיע“, אָדער צוליב אַ קאַריערע, נאָר דורך דעם טראַכטן און דורך די פֿראַגעס, וואָס ער האָט זיך שוין לאַנג געשטעלט, — דאָך האָט ער באַוויזן מיטן לייענען און אַרייַנקוקן אין פֿראַנצויזישע ביכער איינזאַפּן אין זיך דאָס אויסערליכע און דאָס אָנגענומענע אויף דעם דאָזיגן געביט, אַזוי אַז שפּעטער, בעת אוריאל האָט זיך באַקענט מיט אַבראַמזאָנען, האָט זיך דער לעצטער נאַאיוו באַצויגן צו אים, ווי צו אַ גרעסערן פֿון זיך. די „מעטאַפֿיזישע קענטענישן“ האָבן אַרויסגערופֿן בײַ

אים אָפּשיי צו דאַווידאָווסקין דעם „קענער“, צו דאַווידאָווסקי דעם געלערנטן!

און נאָך איין זאַך, די ערשטע באַקאַנטשאַפט אַבראַמזאָנס מיט דאַווידאָווסקין איז אויסגעקומען גראָד דעמאָלט, ווען ער איז אַוועק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. די באַוועגונג, וואָס ער האָט איר אָפּגעגעבן אַלע זיינע געדאַנקען אין משך פון אַלע יאָרן, נאָך פאַר דעם, ווי ער האָט געוואָרפן די גמרא און אויך נאָך שפּעטער.

אמת, אויך נאָך דעם, ווי ער האָט געמאַכט „פּליטה“ און אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין דאַווידאָווסקיס געזעלשאַפט, האָט ער זיך נאָך אַליין גערעכנט פאַר אַ „וואוילן בחור, וואָס שטרעבט צו גאָט און איז נאָך דערווייל אַליין פאַרבליבן אַ ציוניסט“. פונדעסטוועגן איז ער דאָך אַרויסגעטראָטן פון ציוניזם, אַרויסגעטראָטן אָן באַזונדערע עפּיזאָדן, סיי אויסנווענינגסטע, סיי אינעווענינגסטע; דאָס איז געטאָן געוואָרן עפּעס ווי פון זיך אַליין. דער עקספּאַנסיווער יונגער בחור האָט ניט געקאָנט מער פאַרבלייבן מיט זיי, מיט די קליינע פּראַקטישע מענשן און טון צוזאַמען מיט זיי זייער קליינטשקע אַרבעט: זאַמלען שקלים. דער יונגנטטוי אויף זיין קאָפּ איז שוואַרצער פון שוואַרץ געוואָרן, הערנדיג דעם אַדוואָקאַט זשוקס, דעם אָנפירער פון א.ער ציוניסטישע פאַראיינען, עפנטליך פרעדיגן „אַז די באַוועגונג האַלט זיך אויף דריי זאַכן: געלט און געלט און אָבעראַמאָל געלט“. דער געהיימער בונד, וואָס איז געווען צווישן אים און „אונזער פאָטערלאַנד“, איז דעמאָלט זעהר שטאַרק געווען: אים איז „ארץ־ישראל“ טייערער געווען פאַר אַלץ, זיין שטאַרקסטער באַגער איז געווען צו דערגרייכן עס. ער האָט שוין אַפילו געוואוסט דעם חילוק פון סתם הויך שעצן געלט און דאָס זאַמלען געלט צוליב אַ געוויסן ציל, באַזונדערס פאַר אַזאַ גרויסן און הייליגן ציל, — דאָך פלעגט זיין יונגע נשמה פאַרציטערט ווערן אומווילּיג, אומבאַוואוסטזיניג, פון אוממיטלבאַרן געפיהל אַליין, ווי נאָר ער האָט געהערט די פאַרשיידענע דרשות וועגן אויפלעבן די נאַציע און איר לאַנד דורך „אַ באַנק“...

אַדוואָקאַט זשוק, דער מורשה פון א.=ער גליל, איז געווען אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר פינף און דרייסיג, ניט קיין באַווייבטער, אַן אָרנטליכער מענש און פון נאַטור אַ האַרציגער, נאַאיווער און כיטרער צוזאַמען, מיט מיטעלער בילדונג און איבערגעגעבן דעם ציוניזם און זיך מוסר נפש געווען פאַר אים, האָט זיך געקאָנט האַלטן מיט מענשן און גערעדט שען, אַ כלל, אַ מענש מיט אַלע מעלות! אָבער צוציהען צו זיין פאָן די דאָזיגע „ישיבה=בחורים“, די עקספּאַנסיווע פּראים, און אַפילו צובינדן און צוהאַלטן יענע, וואָס זיינען שוין צוגעשטאַנען צו זיין פאָן, האָט ער ניט געקאָנט און אַפילו ניט געהאַלטן דאָס פאַר נויטיג און ניצליך. ווי אַ געזעלשאַפטליכער מענש האָט ער אַפילו הויך געשעצט די צאָל חברים און דעם „יונגן עלעמענט“ און אויף די פּריוואַטע פאַרזאַמלונגען ביי די „צעירי ציון“, וואָס פלעגן פאָרקומען ביי אים אין שטוב שבת=צונאַכט, און דאָס גלייכן, האָט ער געהאַלטן פאַר אַ חוב פאַר זיך צו רעדן פון הויכע און אַבסטראַקטע ענינים, ווי זינגען שבחים דער טראַדיציאָנעלער יהדות און טייערן יידישן גלויבן און בפירוש אָנווייזן, „אַז דער ציוניזם הויבט אָן זיך אומקערן צוריק צו דער יהדות“ (אָ, ווי שטאַרק זיי פלעגן צעבייזערן אַבראַמזאָנען, „וואָס האָט זיך נאָר וואָס באַפרייט פון די קייטן“). אַלע די דאָזיגע שענע מליצות פונם הער זשוק, דער דאָזיגער אָרנטליכער אָבער באַגרעניצטער מענש (צום גרויסן באַדויערן, זאָל ער קיין פאַריבל ניט האָבן, זעהר באַגרעניצטער!), יאָ, ער האָט זיך געמיהט און געטאָן, וואָס ער האָט געקאָנט, אָבער די אינעווייניגסטע מיינונג פון דעם דאָזיגן אָפיציעלן אָנפירער איז געווען, לויט זיינע רעדעס אין די שולן און אויף די עפענטליכע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען, אַז „איך קויף אַלץ — האָט געזאָגט דאָס גאָלד“, און האָט סוף כל סוף ניט געלעגט קיין אַכט אויף אַלע אומצופרידנקייטן פון דעם „ישראל הצעיר“, און געקעמפט מיט זיי. דער „ישראל הצעיר“ איז טאַקע געווען שטאַרק אומצופרידן, האָט געמאָנט און געפאָדערט אַ סך: וועגן באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע זאַכן, וועגן

דעם נאָכטאָן, דעם פּאַרטרייבן די קולטור, וועגן דעם, וואָס קיינער זאָרגט ניט פאַרן קאָסטן ביכער, וואָס וואַלגערט זיך אַרום, און ניט פאַר די אָרימע, ווי אויך רייכע קינדער, וואָס וואַקסן אָן תורה און אן קענען די וואונדערליכע יידישע געשיכטע, אונזער שרעק־ליכע היסטאָריע, אונזער מלכים, נביאים א. א.וו., א. א. וו.

דער יונגער אַבראַמזאָן האָט זיך געהיצט און געשריגן מער פאַר אַלעמען. דאָס איז געווען אַ וויכטיגער פּעריאָד אין זיין לעבן, וואָס ער וועט אייביג ניט פאַרגעסן. מיט אַ הייליגן ציטער האָט ער געקוקט דעמאָלט אויף דאָס נייע, וואָס הויבט זיך אָן אַנטפּלעקן ביי די יידן. ער האָט שוין געפיהלט אין זיך דעם גרויסן שטאַרקן גייסט, וואָס האָט אים אָנגעהויבן באַהערשן. ניט אומזיסט האָט ער נאָך פון קינדווייז אָן געוואוסט דאָס קאַפּיטל וועגן שמואל הנביאס ערשטער אַנטפּלעקונג. ג א ָ ט רופט צום יונג...

ער האָט געוואוסט צו וואָס זיין פיינע און צאַרטע נשמה שטרעבט, און עטליכע זיינע באַקאַנטע האָבן אים פאָרויסגע־זאָגט, אַז „ער וועט זיין אַ יידישער שרייבער". אַ העברעאישער שרייבער, אַ שרייבער ביי יידן — איז דען פאַראַן אַ גרעסער גליק אין דער וועלט? איז דען עפּעס פאַראַן העכערס און דער־הויבענערס פון דעם?

אָט האָט זיך שוין אַ ריר געטאָן דאָס אייז פונם לאַנגן שוואַרצן גלות. ס'איז געקומען די צייט פון פריהיאָר־זיינגער און ס'הערט זיך אויף דער ערד דער קלאַנג פון אויסלייזונג. זאַמלט זיך צונויף איר, בוימער! דאָס פאָלק וואַכט אויף, דאָס פאָלק לעבט נאָך, ס'וועט נאָך אויסגלייכן זיין רוקן, אַ פרייעס אויף זיין ערד און זיין לאַנד. קיין ביזווייליגער וועט אים מער ניט קריוודען און דאָס פינסטערניש וועט מער ניט פאַרדעקן זיין הימל. ע! ס'וועלן אויפגעשטעלט ווערן זיינע חורבות און פון זיינע קינדער וועלן ווידעראַמאָל אויף די ברעגן פון ירדן און אין די פאַסטוכער־הייכן אויפן לבנון אויפשטיין נביאים, און ער, דער מענש מיטן שרייבגעצייג אויף די לענדן, וואָס איז גע־

שיקט צו שטראָפן אין צו שטרייטן, צו מונטערן און אויפצורודערן די הערצער — ער שפּאַנט פאַר זיי פאָרויס!

ישעיה דעם צווייטנס גייסט רעדט אין אים און זיין וואָרט איז אויף זיין צונג...

און ער האָט געקוקט כּמעט אויף אַלע חברים פון דער אגודה „צעירי ציון", ווי אויף זיינע קומענדיגע לעזער פון זיינע קינפטיגע מאמרים, די שאַרפע, די גרויסע, די פלאַמפייערדיגע!

דער קאָפּ איז אים געווען שווער. ער האָט זיך יעדער רגע געפיהלט גלייך ער טראָגט גאָט אויף זיך. ווי נאַאיוו ער איז גע־ווען!

מיט אַ באַזונדערן דרך־ארץ האָט ער אויך געקוקט אויף דער שיינדילינסקין, דוד בן ישי, דעם באַרימטן יידישן שריי־בער, וואָס דרוקט זיך שוין צעהנדלינגער יאָרן און ווערט געלייענט „בכל תפוצות ישראל"; דער דאָזיגער שרייבער, וואָס רעדט שטענדיג וועגן דער נויטינקייט פון דער קולטור און וואָס פאַררופט זיך שטענדיג אויף „אחד העם". אָבער חוץ דעם, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי קאָנען זיך פאַראייניגן אין איין פּערזאָן צוויי ווידערשפּרוכן, אַ העברעאישער שרייבער און אַ פּשוטער מענש, האָט ער זיך נאָך נאַאיוו געמאַטערט מיט דער פראַגע וועגן דער באַציהונג פונם „הער שרייבער" צו איינינע פּרינציפּן. הער שיינדילינסקי האָט געצילט אין יענער צייט ווארפן אַלע זיינע פּיילן אין דעם לאַגער פון די פאַרשיידענע פּראָטעסטאַנטן, יענע דעמאָקראַטן, וואָס זיינען געקומען פון אויבן, וואָס האָבן אין די לעצטע טעג, אין יענער שלעכטער צייט פאַר יידן, זיך געמערט און געפרוכפּערט צווישן אונז און פאַרפּלייצט די ערד מיט זיך צו אונזער גרויסער שאַנד און בראָך. דאָס רוב פון אָט די דאָזיגע רייד זיינען נאָך געווען ניט פאַרשטענדליך אַבראַמזאָנען, אָבער דאָס וואָרט, „דעמאָקראַטן" גופא איז אים שוין געווען באַקאַנט פון גרעצן וועגן די קריגערייען אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש צווישן די צדוקים און פּרושים, — און ער האָט דאָס געהאַט אין זינען.

אַבּראַמזאָנס יונגער און נאַאיווער געדאַנק האָט דעמאָלט גע=
בּלאָנזעט; ער האָט זיך געקערט אויף אַלע זייטן, געזוכט, גע=
שטרעבּט און אַרויסגעקוקט אויף עפּעס מיט אַ גרויסן און מוראדיגן
זוכער=בּליק...

אין יענער צייט האָט ער זיך אויך בּאַקאַנט מיט אוריאל דאַ=
ווידאָווסקין.

ח.

דאַווידאָווסקי איז שוין דעמאָלט געווען איינזאַם. דער איינציגער פאַרקער זיינער מיט מענשן זיינען געווען די „פריוואַטע לעקציעס“, וואָס ער האָט געזוכט פאַר זיך. ער איז געווען איינזאַם צווישן אַלע אינטעליגענטע יונגע לייט אין דער גרויסער שטאָט, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב זיך איינטיילן אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע שיטות — יעדע טשערעדע באַזונדער. אין דאַווידאָווסקיס אויסערליכן לעבן האָט געהערשט רוה און שטילקייט, ער האָט אַפילו כמעט קיין ביכלאַך ניט געלייענט. ער האָט זיך טיף אַריינגעלאָזט אין זיי און האָט זיך איבערגעציינט, אַז זיי וויסן אַלע נאָר שטעלן קשיות, און פרעגן ווייסט ער דאָך נאָך מער פאַר זיי. קיין ענטפער איז ניטאָ. ס'זיינען פאַראַן חקירות, פלפולים — שטיקלאַך, ברעקלאַך און ניט מער...

זעלטן נאָר פלעגן זיך ביי אים אין צימער צונויפקלייבן עטליכע מענשן: יידלמאַן, קליינגעלט, הילבערג, שנייסער — אַלע באַרימטע, געלערנטע, וואָס האָבן אויף זיך געקוקט ווי אויף באַזונדערע, אָריגינעלע, ניט קיין מאַסן־און־מאַרק־מענשן. יעדער איינציגער פון זיי פלעגט אַריינקומען עפעס אַזוי, ווי ער וואָלט וועלן זיך אַליין אַרויסשטעלן פאַר אַ זייטיגן; יעדער פון זיי איז ביי זיך געווען אַן איינציגער, וועלכן ס'איז שווער צו פאַרשטיין. פלעגן זיי זיך צומאָל צונויפזאַמלען טרינקען טיי און אַמפּערן זיך מיט קולי־קולות, דעבאַטירן, רעדן רכילות און קריטיקירן. צומאָל פלעגן זיי זיך צונויפלעגן צו גראָשנס, כדי זיך פאַרווײַלן! מאַכן עפעס אַ קערמעשל, אָדער זיך שיפן אויפן טייך. אין דעם ענין

האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט יידלמאַן. אין די אַלע פאַר־ווייַלונגען פלעגט ער טון זיין ראָלע ניט סתם אַזוי פראָסט, מ׳זאָל, הלילה, ניט מיינען, אַז מ׳מיינט פשוט זיך פאַרווייַלן אָדער זיך פאַרשאַפן פאַרגעניגן. זאָל גאָט אָפּהיטן! ער האָט דעם צונג־געבן אַ באַזונדערע כוונה און פלעגט זיך אַזוי פאַרהאַלטן צו דעם, גלייך אויף אים איז אַרויפגעלעגט געוואָרן אַ גרויסער חוב—„דער חוב פאַר לעבענספרייד, וואָס פעלט אַזוי ביי יידישע קינדער“. דער דאָזיגער מענש פלעגט מאַכן אַ טראַגישן איינדרוק אויף אַלעמען מיט זיין שרייענדיגער עניוות, וואָס פלעגט זיך משונה־מאָדנע אויסדריקן און מיט זיין הויבן אומווילִיג דעם קערפּער און שפּרינ־גען אויף די קליינע פיסלאַך. יידלמאַן איז געווען אַ קורצער, אויס־געזעהן ווי אַ קינד און קלענער פון אַלע חברים זיינע, וואָס זיינען, ווי געוועהנליך יידן, חוץ אוריאַלן, אויך געווען קליינוואוקסיגע.

— איך קאָן זיך ניט קלאָר מאַכן, — פלעגט שנייסער זאָגן מיט זיין שטים, פון גאוה, — ווי אַזוי שפּרינגט עס יידלמאַן: ווי אַ שפּערל אָדער, ווי... אַ צאַפּ?

אין דעם דאָזיגן קרייזל, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פרייען, ענערגישן, באַזונדערן, פאַר אַ רעטעניש, איז שנייסער געווען דער סאַמע טיפּישער און אויסגעצייכנטער. ער איז איבערגע־צייגט געווען, אַז ער האָט זעהר אַ שאַרפע צונג און זעהר שטאַרק געהאַלטן פון איר. שנייסער איז געווען אַן אַלטער בחור און גע־געסן קעסט ביי זיין מוטער דער אלמנה. זיינע אויגן זיינען גע־ווען גרין און פול מיט ניט־באַפרידיגטער תאוה, די באָרד — געראַזירט און, ווי אויף צו להכעיס, אַלע מאָל ניט גלאַט, און אויף זיינע ליפּן האָט תמיד אַרומגעשוועבט אַ מיאוס אומצופרידן און פאַראַכטענד שמייכעלע. פאַר דאַווידאָווסקין פלעגט ער האָבן אַ פּנים פון אַ מענשן, וואָס אַנטשולדיגט זיך פאַר זיין קוק און זיינע אומגאַטירליכע באַוועגונגען, ס׳פלעגט אָבער אויך טרעפן, אַז ער האָט זיך באַמיהט אַרויסשטעלן עפּעס אַן אַנדער באַציהונג, וואָס זאָל באַטייטן: הער נאַר, דאַווידאָווסקי, מיר זיינען, דאָך, היימישע מענשן, ביידע זיינען מיר פיין־אויסגעפיינטע אינטעלי־

גענטן, ביידע סקעפּטיקער, ביידע האָבן מיר געלייענט היינען און ניטשען אין אָריגינאַל און קאָנען אויך בייראָנען מיט לערמאָנטאָוון. מיר דאַרפן ניט חנפענען איינער דעם אַנדערן. אמת, אַנדערע האַלטן דיך פאַר אַ גרעסערן און טיפערן, ווי איך, דעריבער מאַך איך אויך אַמאָל דעם אָנשטעל און גיב דיר אָפּ כּבוד, ווייל דאָס פאָדערט זיך פאַרן נאַרישן המון, אָבער דעם אמת ווייסן מיר דאָך ביידע גוט. זאָלן נאָר אַנדערע ניט וויסן פון דעם. און פון איצט אָן מעגסטו זיין זיכער אין שנייסערן.

אָבער דאָס האָט זיך שנייסערן ניט איינגעגעבן און זיינע כּוונות האָבן צו גאָרניט ניט געבראַכט. סוף כּל סוף איז ער ניט געווען ביכולת ניט בטל צו ווערן פאַר זיין קעגנער. און דעריבער, דאָרט וואו אוריאלס טונקל־שוואַרצע אויגן זיינען ניט געווען דערביי, פלעגט שנייסער זיך מיהען און מבטל מאַכן אינגאַנצן „דעם אָלימפּישן אָפּגאָט, וואָס מיינט, אַז קיין גלייכנס איז ניטאָ צו אים". און שנייסער פלעגט אויסזאָגן אַ סוד „אַ סוד, וואָס איז אַלעמען דאָך באַקאַנט", אַז, דעם אמת געזאָגט, איז דאַווידאָווסקי גאָרנישט מיט אַ נישט, אַ געוועהנליכער בשר־ודם און צייכנט זיך מיט גאָרניט ניט אויס. ער איז אַ גרויסער עגאָאיסט און האָט ליב אָן אַ מאָס כּבוד, און כּדי פאַרבלענדן די אויגן, מ'זאָל מיינען, אַז ער פירט זיך ניט ווי אַלע — האַלט ער זיך איינזאַם, שטיל, רינגלט זיך אַרום מיט אַ קאָמפּאַניע מקורבים ווי אַ „רבי מיט חסידים". אָבער נאַרן וועט ער ווען ער וויל, די מער נאַאיווע, אים, שנייסערן, וועט ער ניט נאַרן. שנייסער ווייסט דעם אמת. שנייסער פאַרשטייט דעם אָפּגאָטס מורא צו בלייבן אַליין, זיין ווי אַ לבנה אָן שטערן. אָ, מיינע הערן, שנייסער איז אַ מבין אויף פּסיכאָלאָגיע!

שנייסער האָט געהאַלטן פאַר זעהר וויכטיג זיינע וויזיטן, וואָס ער האָט געמאַכט ביי אוריאל דאַווידאָווסקין: יעדער וויזיט, וואָס פלעגט פאָרקומען צוויי מאָל און צייטנווייז אויך דריי מאָל אין וואָך, האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גרויסער געשעהעניש אינם לעבן פון דער אינטעליגענץ אין א. און, פאַרקערט, יידלמאַן, וואָס

האָט פּיינט געהאַט דעם פּאַטריציער, כביכול (ד. ה. דאַווידאָוו־סקין), ניט ווייניקער, ווי שנייסער, פּלעגט קומען פּינקטלעך טאָג טעגלעך צו אים, זיך מיהען אים טרעפן דווקא, ווען ער איז געווען איינער אַליין, כּדי אויצוגיסן פאַר אים דאָס גאַנצע האַרץ, „דעם גאַנצן פייער, וואָס ברענט אין אים". אַלע מאָל, ווען ער פּלעגט אָנהויבן זיין געוועהנליכע הקדמה: „זינט איך בין צום שכל גע־קומען, דאַווידאָווסקי, זינט דער געדאַנק האָט זיך אָנגעהויבן ביי מיר אַנטוויקלען..." — פּלעגט אויף דאַווידאָווסקיס צונויפגע־פּרעסטע ליפּן אַרויפשווימען אַ שאָטן פון אַ שמייכל, וואָס יידלמאַן האָט אים געפּיהלט איבער דער גרויסער שנאה זיינע צום „פּאַטרי־ציער".

אוריאל דאַווידאָווסקי פּלעגט מיט אַ קורצן סאַרקאַסטישן גע־לעכטער און מיט אַ שאַרפער שפּאָטישער באַמערקונג מכבד זיין און אויפנעמען זיינע געסט. אָבער די אמתע באַציהונג צו זיי איז געווען אַ קאַלטע, אַ קעלט, וואָס האָט אַרויסגעדרונגען פון זיין נשמה־טיפעניש, וואו עס האָט געטליהעט איר פונק און נאָר זיך אַליין באַלויכטן. ער האָט גערעדט מיט אַנדערע, געלאַכט פון אַנדערע און באַשעפטיגט איז ער געווען נאָר מיט י ע נ ע ר ז אַ ך און מיט זיך אַליין. „זאָלן די יונגן זיצן און זיך ווייזן פאַר אים. וועט ער זיין גענויטיגט, וועט ער זיי אָפּלאָזן פון זיך. און אויב זיי שטעלן ניט פאָר מיט זיך קיין אינטערעס פאַר באַטראַכטונגען, אויב זיי האָבן אין זיך ניט קיין שום נייס — באַוועגן זיי זיך, לפּחות, רעדן זיי דאָך... איבעריגנס, אָט גייען זיי און אַבראַמזאָן גייט אויך מיט זיי... אָבער אַבראַמזאָן וועט געוויס אין גיכן אָנהויבן קומען צו אים איינער אַליין"...

---

די דריי אַרבעטער אין משה־אהרן דאַווידאָווסקיס שטוב האָבן פלייסיג געאַרבעט. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געהערט די זעג זעגן, דעם הובל הובלעווען, און דאָס לידל „וועגן שניידער, וואָס וואוינט אונטן — און די גייטאַרין — אויבן", דאָס דאָזיגע אויס־

געלאַסענע לידל האָט געזונגען אויף אַ צעבראָכענער באַס־שטים נאָר איינער פון זיי, אַן אַלטער בחור מיט אַ קנאָפּ אין גאָרגל און מיט וויינפערלאַך אויף דער געשוואָלענער נאָז. זיין יינגערער חבר פלעגט זינגען אויף אַ דין קוויטשיג פאַלצעטל „און אַ ביסעלע אונטער דער נאָז" אַן אַנדער לידל וועגן עפּעס „רויט בלוט אין אַ בעכער שטאַרקן ווייַן". דעם באַלעבאָס זון, שמואל, ווי נאָר ס'פלעגט אים אַמאָל אויסקומען הערן ביים מיטאָג די קופּלעטן פון דעם דאָזיגן ליד, פלעגט ער אויך צעפלאַמט ווערן און זיך אויך צעזינגען מיט אַנדערע קופּלעטן „וועגן יידישן משיח, וואָס איז געשטאָרבן, און וועגן נייעם משיח, וואָס איז געקומען אויף זיין אָרט". דער דריטער אַרבעטער הושע, אַ יונגער מאַן מיט אַ שוואַרצער באָרד, און אַ באַווייבטער, פלעגט די גאַנצע צייט שווייגן.

די אַרבעטס־טעג פלעגן זיך ציהען שווערע, לאַנגווייליגע און פולע מיט שרעק און זאָרג, טאָמער הערן זיי אויף צו זיין שווער און לאַנגווייליג. ווייל הגם די טעג, ווען ס'איז געווען אַרבעט, זיינען געווען שווערע, שרעקליך שווערע, הגם די לאַנגווייליגקייט אַר־בעטן אַ גאַנצן האַלבן מעת־לעת דורכאַנאַנד שווערע, געצוואונגענע אַרבעט איז געווען זעהר אַ ביטערע, — דאָך האָט מען אַרום און אַרום שטאַרק־שטאַרק מקנא געווען אויך דער דאָזיגער שווערקייט און לאַנגווייליגקייט !

דער גרינגער שטראָם ענדערונגען אין דעם צושטאַנד פון די אַרבעטער, וואָס פלעגט פריהער אַריינגעטראָגן ווערן נאָר דורך די געשלעגן צווישן די שטוב־קינדער צוליב די געבליבענע ברעק־לאַך מיטאָג און צוליב די קריגערייען וועגן מיינס און דיינס, איז איצט, זינט אַבראַמזאָן האָט זיך אַריינגעקליבן אין דעם דאָזיגן הויז, פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך זיין אָפטן קומען און גיין איבער דער אַרבעטסשטוב. דאָס דאָזיגע אַבראַמזאָנס אַרומדרעהען זיך איז געווען אַ געצוואונגענס, און דער, וואָס מיט דער געשוואָ־לענער נאָז, האָט אַלע מאָל געהאַלטן פאַר זיין חוב אַ וואָרף צו טון אַ תמעוואַטן שפּאָט־וואָרט אויפן קאַרק פון דעם דאָזיגן ליי־

דיגנייער, וואָס גייט דאָרט אַדורך, אים נאָכוואַרפן עפּעס אַ באַמערק און אַ נאַרישן אַקסל־צוק. דאָס פּלעגט אַרויסרופן אַ שטאַרקן פּראָטעסט מצד דעם, וואָס מיטן דינעם קוויטשינגן פּאַלצעטל, און אַפילו דער באַווייבטער שוויגער פּלעגט אויך צומאָל זיך ניט קאָנען איינהאַלטן און פּלעגט אָנשרייען אויף דעם גראָבן ליון, וואָס דערנידעריגט דעם כּבוד פון מלאכה מיט זיין גראָבקייט. דער דאָזינער שוויגער, האָט ער נאָר געעפנט דאָס מויל, אַזוי האָט ער שוין ניט געקאָנט אים צומאַכן, ביז ער האָט ניט אויסגעגאָסן זיין גאַנץ האַרץ, און פּלעגט אַזוי טענהן:

— בעסער וואָלסטו, מאָטל, אַנטשטומט געוואָרן, זאָל איך אַזוי לעבן, ס'וואָלט גלייכער געווען פאַר דיר פאַרשטאָפּן דיין מויל מיט... איך וועל ניט מאַכן אומריין מיינע ליפּן, — און ניט רעדן קיין נאַרישקייטן. איך זאָל אַזוי לעבן, וואָלסטו געטאָן אַ קלוגע זאַך, וואָלסטו. צי ווייסטו דען, דו קוימענקערער, אַז דו וואָלסט זיך געמעגט ווינשן, טפש איינער, דיינע אייניקלאַך כאָטש, פון די קינדער איז שוין ניטאָ וואָס צו רעדן,— זאָלן זיין אַזעלכע גרויסע קענער, ווי ער... הערסטו, מאָטל, וואָס איך זאָג דיר?

— טע־טע־טע! — מישט זיך משה־אהרן אַריין, — איך האָב זעהר ליב, אַז הושע הויבט אָן אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען, וואָס ער האָט געוויס געגנאַשט ביי זיין ווייב! „אַזעלכע קענער, ווי ער“ — טע־טע־טע! אַזאַ גוואַלד! וואָס, דו מיינסט, אַז ווייל ער קומט אַריין צו מיין אוריאלן, דעריבער איז ער שוין אויך „מחויב“ צו ווערן אַ גרויסער קענער! דו דאַרפסט אָבער ניט פאַרגעסן, וויפיל געלט מיך האָט אָפּגעקאָסט מיין אוריאל; די בעסטע לערער אין שטאָט זיינען געווען זיינע לערער, ווען ער איז נאָך געווען אַן עקסטערן. ס'הייסט, אוריאל. אוריאל איז געווען אַן עקסטערן. טע־טע־טע! איצט איז ניט דאָס, וואָס אַמאָל! אָט די דאָזיגע, דער רוח ווייסט וואָס, די היינטיגע אַרבעטער, מיינען אינדעראמתן, אַז...

נאָר ב ר כ ה די אומעטיגע לאָזט אים ניט ענדיגן.

—אַבי פּלאַפּלען! אוריאל איז אוודאי אוריאל, אָבער אַבראַמזאָן

איז אויך זעהר אַ גוטער מענש, בנאמנות. אַזעלכע מענשן מעג מען אַריינלאָזן אין שטוב אומזיסט. מיט זיי פֿאַרגעסט מען אַ ביסל די צרות — בנאמנות. דעם אמת מוז מען מודה זיין: דאַכט זיך, אַ פרעמדער, און פונדעסטוועגן אינטערעסירט ער זיך מיט די שטוב=ענינים אַ סך מער ווי שמואל, וואָס איז אייגן בלוט און פלייש. א טייערער. היינט זאָגט ער איר: — זי איז גראָד אַריינגעגאַנגען אויסקערן די שטוב, — ניין, ניין, מאַכט ער מיט די הענט, ער וועט אַליין אויסקערן, אַליין צוראַמען, ער לאָזט ניט, מ׳זאָל אים באַדינען, טוט אַלץ אַליין...

— ער איז אַ קליינער פריץ, באַלעבאָסטע — באַמערקט דער, מיט דער געשוואָלענער נאָז אַ ביסל פֿאַרשעמט און אומצופרידן. משה=אהרן אַליין האָט זיך אויך אָנגעבייזערט אויף זיין ווייב, וואָס עלטערט זיך מיט יעדן טאָג:

— א, גוט מאָרגן, ברוך=הבא! האָסט שוין, מסתמא, איבערגעקערט דאָס טעפל, וואָס ביזט געוואָרן אַזאַ מליץ=יושר. אָבער טאָמער וואָלט מען דיך געבעטן דיר גיין צו דיין אויוון און ניט קריכן אַהין, וואו מע רופט דיך ניט? „אַ גוט מענשל“... טע=טע=טע... כאַפּט ניט קיין בייגל אין מאַרק. איך רעד. אָבער וועגן קענטעניש, וועגן אוריאלן, רעד איך.

— וואָס? — שטעלט זיך הושע איין און שלאָגט איבער משה=אהרנען די רייד, אַ קוק געבנדיג מיט דאַנק אויף זיין באַלעבאָסטע, ברכהן, און ווי רופנדיג זי דערמיט אים קומען צו הילף, — אפשר וועט איר נאָך זאָגן, אַז ער האָט ווייניג ביכער?..

— אַי, הושע, מיך ווילסטו לערנען שכל! — ווערט משה=אהרן רויט און פֿאַרגעסט פֿאַר כעס צוגעבן זיין „טע=טע=טע“, — איך זעה ניט, וואָס דו זעהסט! ער האָט אַ סך ביכער, אָבער וואָס פֿאַר אַ ספרים זיינען דאָס? דאָס רוב לשון=קודשדיגע, צאַצקעלאַך, מליצה=ביכלאַך... ווער האָט אויך אַן אויג, זאָגט איר? — ווענדעט ער זיך צו אַלעמען, גלייך ווי אים וואָלט געווען אַ חרפּה זיך אויסטענהן מיט הושען אַליין — צי האָט איר אָבער געזעהן, און אַז איר האָט שוין יאָ געזעהן, האָט איר זיך

דען צוגעקוקט, האָט איר דען געקאָנט זיך צוקוקן, ווי איך, ווי אַזוי ער האָט אָנגעשריבן דעם אַדרעס אונזער שכנה ביילע? איך האָב גוט געזעהן, ווי ער האָט זיך צוגעקוקט צו יעדער אות פון דער „קאָפּיע״, ער זאָל, חלילה, קיין טעות ניט האָבן!

דער דאָזיגער באַווייז, אַז אַבראַמזאָן איז ניט קיין געוואַלדיגער קענער, איז אַפילו געווען אַ גאַנץ שטאַרקער, דאָך איז הושע ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן, און איז מיט עפּעס אַ ניט־געוועהנליכער פאַר אים עקשנות געבליבן האַרט ביי זיינס...

— ניין, באַלעבאָס, ניין, דער שכן איז אַ גרויסער קענער... דער דאָזיגער אַבראַמזאָן... דער דאָזיגער... ניין, באַלעבאָס, אַזעלכע מענשן, ווי ער, זיינען פאַראַן זעהר ווייניג, זעהר ווייניג, באַלעבאָס...

ט.

און אין צימער נעבן דער אַרבעטער־שטוב איז אַבראַמזאָן געזעסן און געאַרבעט. ער איז געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין שרייבן זיין גרויס אַרטיקל „דאָס העברעאישע שאַפן אין צוואַנציגסטן יאָרהונדערט“. דער דאָזיגער אַרטיקל איז שוין געווען ביי אים גוט דורכגעטראַכט און ער האָט נאָר באַדאַרפט אים אָנשרייבן.

האָט ער זיך פאַרשלאָסן ביי זיך אין שטוב און איז אינגאַנצן פאַרנומען געווען מיט זיין אַרבעט. צווישן איין קאַפּיטל און דעם צווייטן פלעגט אַפילו טרעפן, אַז ס׳האָט מיט אַמאָל אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקן חשק וואַרפן די אַרבעט און אַוועקגיין צו מנשה קאַצמאַנען, און ניט נאָר אויף אַ קורצער צייט. ער האָט אויך געהאַט פאַרדראָס אויף זיך, וואָס ער האָט ביז איצט נאָך גאָרנישט ניט געשריבן שלמה פרענקלען קיין צ.: יענער האָט זיך דאָך פאַרלאָזט אויף אים און קוקט געוויס אַרויס מיט אומגעדולד אויף זיין בריוו. אָבער, כּדי צו גיין צו קאַצמאַנען, אָדער אָנשרייבן יענעם אַ בריוו, דאַרף מען פריהער אַריינקומען אין אַ פאָר אַנדערע ערטער, נאָכפרעגן זיך אויף עפּעס אַן אַרבעט פאַר פרענקלען — און אויף אַזוי פיל זיך אָפּרייסן פון דער אַרבעט איז אַבראַמזאָן, לויט זיין שטימונג דעמאָלט, ניט פעהיג געווען: דאָס איז אָפּגעפאַלן פון זיך אַליין און ער האָט דאָס כמעט אַליין ניט געפיהלט. ער האָט געהערט, מ׳זוכט אַ געצאָלטן פאַרוואַלטער פאַר דער ציוניסטישער ביבליאָטעק, וועגן דעם וואָלט מען געקאָנט איבעררעדן מיטן הער שיינדילינסקין, אָבער אַפילו אויך

דעם דאָזיגן וויזיט האָט אַבראַמזאָן אָפּגעלעגט פון טאָג אויף טאָג. ער איז עפּעס ווי צוגעבונדן געווען צו זיין אַרבעט. געוויס, געוויס איז ער אומגערעכט; ער האָט דאָך צוגעזאָגט; פרענקעלס קומען אַהער איז זעהר נויטיג, זעהר נויטיג, נאָר זאָל זיין שפּעטער, שפּעטער, אַז ער וועט ענדיגן...

ער האָט באַאַרבעט די ערשטע קאַפּיטלאַך מיט ערפאָלג. די דאָזיגע קורצע פּראַזע: „די העברעאישע ליטעראַטור" האָט אים געקלונגען אין האַרצן און אין מוח ווי אַ וואונדערליכע מעלאָדיע. ער האָט זיך געהאַלטן ווי איינעם פון די יונגע העברעאישע פּיאָנערן, פון די צוקונפט־יידן, ווי איינעם פון יענע, וואָס אין זייער האַרץ וועלן אַמאָל אויפפלאַמען די דערהויבענע פונקען פון דער גרויסער טראַגעדיע, פון יענע, וואָס וועלן געפינען דעם וועג און דעם איבערגאַנג צו דעם געוואונשטן און טיפן סינטעז...

ער האָט געשריבן — און אין אים האָט מאָדנע און צערטליך געזשומט און געשטראָמט. וואָס טיפער ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין זיין שרייבן, אַלץ מער איז צעבלאָזן געוואָרן ביי אים דער קענגזעצליכער פיין, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיין האַרצן, אָט די סתירה צווישן דעם, וואָס ער שרייבט, און י ע נ ע ר, וואָס וואוינט ביי מנשה קאַצמאַנען, און דעם גייסט, וועלכער הערשט דאָרט. יענער גייסט איז קיינמאָל ניט געווען זיינער. ער איז אים געווען פרעמד, אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז אים נאָהענט געווען, און אַז ער האָט אָנגעהויבן באַאַרבעטן די העברעאישע ערד מיטן ביטערן שוויס, איז אים די דאָזיגע פרעמדקייט געוואָרן נאָך בולטער און האָט, אגב, איינגעזאַפּט אין זיך אויך יענע איינציגע נשמה, די נאָהענטע, וואָס וואוינט דאָרט, יענע נשמה, אין וועלכער ער נויטיגט זיך אַזוי און צו וועלכער ס'ציהט אים אַזוי...

אַבראַמזאָן האָט דעמאָלט ניט געהערט ניט זיך, ניט די אויסנווייניגסטע וועלט. און נאָר אין די בין־השמשות־שעה'ן אָדער באַגינען, ווען ער פלעגט אָפּרוהען און טראַכטן ניט פון איר, נאָר

ווענן איר, פלעגן אים ווידער פאַרפלייצן יענע סתירהדיגע געפילן, באַאומרויִקנדיגן און צעשטערן זיין וועלט.

אין אַ בין־השמשות־שעה אָדער באַגינען, פלעגן אומבאַמערקט זיך אַריינרייסן אין זיין מוח די וואָכעדיגע האַלב קלאָרע געדאַנקען, וואָס שטראָמען אַרויס פון היילינגן קוואַל: „אַך, ער וועט אין עטליכע טעג אַרום פאַרענדיגן זיין אַרטיקל, אָפּדרוקן, פאָרלייענען, וועט ווייזן, אַך, ווי גליקליך ער איז!" און פון דער אַנדער זייט פלעגט אין דער זעלבער צייט אויפפלאַמען זיין געפיל: וועט פאָרלייענען? ווייזן? און איר? צו איר האָט דאָס כּלל קיין שום שייכות נישט. זיין מוזע קלאָגט און ניסט אויס איר האַרץ אויף אַ שפּראַך, וואָס איז יענער פרעמד...

---

אַבראַמזאָנס טיש איז צוגעדעקט געווען מיט אַן אַלטן טישטוך, מיט טינט פאַרפלעקט און מיט ברעקלאַך אויף אים. אויפן טיש זיינען געווען אָנגעוואָרפן בראָשורן, העפטן, שטיקלאַך פּאַפּיר און אָפענע ביכער. די גראָבע בענד פון דער וועלט־ליטעראַטור האָבן זיך געחברט מיט די דאַרע ביכלאַך פון די יידישע שרייבער. ביי דער זייט איז געלעגן אַ האַלבע ווייסע בולקע און נעבן איר איז געשטאַנען אַ גלאָז מיט אַ ביסל קאַלט טיי. אַבראַמזאָן האָט אַרומגעשפּאַנט פון וואַנט צו וואַנט, נערוועז און האַסטיג, און זיין רעכטע האַנט האָט זיך געכאַפּט דאָס פאַר דער באָרד און דאָס פאַרן אָנגערונצעלטן שטערן. פון שטאַרקער אייִנגעוועניגסטער קאָנצענטרירונג זיינען ביי אים די גרויסע אויגן עפּעס ווי קלענער געוואָרן. אַ מין ציטער האָט אַרומגעכאַפּט זיין גאַנצן קערפּער. פּלוצים פלעגט ער זיך אַוועקזעצן און שרייבן אַ האַלבן בויגן מיט־אַמאָל, זיך מיט־אַמאָל אויפהייבן, אומבאַוואוסזיניג אַ פליק טון אַ שטיקעל בולקע, קייען עס מיט אַפּעטיט, אַ זופּ טון דעם קאַלטן טיי און ווידער אַרומשפּאַנען...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ער פּלוצים אויסגעשאָסן מיט אַ נצחון־געלעכטער, אַ קוק געבנדיג אויף די בויגנס פּאַפּיר פון זיין אַרטיקל מיט די שנעלע, שפּיציגע אותיות, — כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ער געלאַכט און צוגעפּאַטשט מיט די הענט, —קומט אָקאָרשט אַהער, איר, וועלכע צעאַקערן דעם וויינגאָרטן פון אונזער שפּראַך, קומט, איר, הויכגעשעצטע אַרבעטער „אויפן פעלד פון דער העברעאישער זשורנאַליסטיק". אַך, דוד בן ישי איש שיינדילינסקי, רוף די קלאָגערינס און זאָלן זיי קומען: אַ בראָך אויף אַ בראָך האָט געטראָפן, אַן אומגליק מיט אַן אומגליק! אַ סוף צו דיין פוסטן טרויער: דו מיט דיינע חברים, ווי נאָר איר וועט קומען אָנהויב צי סוף יאָר מאַכן „אַ תבואה־חשבון", וועט דער, וואָס וועט פירן צווישן אייך מיט דער פען, נעמען און קלאָגן, ביטער יאָמערן: געפאַלן, געפאַלן די העברעאישע שפּראַך! ניטאָ אויף וואָס אָנצוטייטלען מיטן פינגער... אָ, אייער פינגער, אייער פינגער, ס'אַראַ גראָבער איז ער! אונזער אָרימע שפּראַך איז ניט קיין רייד־שפּראַך, דאָס פאָלק פון בוך, דער עם־הספר, איז ניט קיין גרויסער ביכער־קויפער, אונזער ליטעראַטור האַלט זיך אויף מיט אַ נס, אונזערע ליטעראַטן זיינען אָרים און אָרים איז אונזער ליטעראַטור — און איר מיינט, אַז איר וועט עפּעס אויפטאָן, גאָט ווייסט וואָס, מיט די נייסן, וואָס איר האָט אַנטפּלעקט! און די, וואָס קומען נאָך אייך, די ציגעלאַך־בעק, די אַלטע זקנים... ניין... „לקות אחפצה, ואשרי המחכים" („איך וויל האָפן, אַז וואויל איז צו די, וואָס האָפן")... און ניט דעם, וואָס פאַרדעקט די פעלערן, רוף איך פונם גאַנצן האַרצן, ניט דעם שמייכלער, ניט דעם חונף, וואָס זאָגט ניט דעם אמת, — איך וואַרט אויף דעם קריטיקער, וואָס אַנטפּלעקט; מיר נויטיגן זיך אין אַ קריטיקער, וואָס דעקט אויף די באַהעלטענישן, וואָס זאָל אונז ווייזן ניט מיטן פינגער, נאָר מיט גאַנצע שטים, וואָס לעבט אין אים, אונז ווייזן די „פולע בליטן", וואָס זיינען שוין לאַנג דאָ ביי אונז, ווייזן זייער שטאַרקע שטרעבונג צונויפמישן דאָס בעסטע אייראָפּעאישע מיטן אָריגינעל־יידישן גייסט, מיטן יידישן געדאַנק,

וואָס ציהט זיך פון די פאַרגאַנגענע דורות, ווייל די מענשליכע אינטערעסן אין זייער העכערן זינען זיינען אַלע מאָל געווען אין דער ברייטער היסטאָרישער העברעאישער שאַפונג, און נאָר די לעצטע הונדערט יאָר אין פוילן, די שרעקליכסטע צייט אין דער גאַנצער גלות=געשיכטע אונזערער, איז קאַליע געוואָרן דער יידישער געדאַנק אויף יענעם שרעקליכן אָרט, קאַליע געוואָרן, צומאָל גאָר איינגעדרימלט און געוואָרן אַן עקר — און דאָך האָבן אויך דע=מאָלט אויסגעבראָכן די חסידישע שטראַלן!...

— און מיר, די אויפלעבונגס=קינדער... פליסטערן אַב=ראַמזאָנס ליפּן, און ער וואַרפט זיך נאָך=אַמאָל אָן אויף די שטיק=לאַך פון זיינע כתבים, פאַרטיפט זיך אין זיי אַ לענגערע צייט, מעקט, שרייבט צו, פאַררירכט, און אין אים טאַנצט ווידער יענער פאַרגעניגן=געפיהל, וואָס ער האָט געהאַט נאָך דעם, ווי ער האָט צום ערשטן מאָל דערזעהן זיין אַרטיקל אָפּגעדרוקט שוואַרץ אויף ווייס. ובכן, און זיין גרויסער יוגנט=אידעאַל איז מקוים געוואָרן! ער טוט דוכענען אויף די טרעפלאַך פון ליטעראַטור=הייליגטום! זיין שטים הערט זיך צווישן די אויפלעבונגס=ליטעראַטן! אויפ=לעבונג! אַליץ זינגט אין אים: אויפלעבונג! וואויל איז דעם העברעער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דעם דאָזיגן דור, אינם אויפלעבונגס=דור! נאָר איצט האָט דאָס לעבן פון אַ יונגן בן=ישראל אַ גרויסן ווערט, איצט, אין אויפלעבונגס=פעריאָד, אין דער עפּאָכע, וואָס דער אָריגינעלער, פרוכטבאַרער העברעאישער גייסט וואַכט אויף און באַנייט זיך, אין אַ צייט, ווען די שווערע מלחמה האַלט אין פלאַקערן און דאָס יידנטום באַפרייט זיך און פילט זיך אָן מיט נייעם אינהאַלט. אַ נייעם אינהאַלט. און כ'וועלן זיך ציהען צו אים אַלע פעלקער. ער גלויבט אין דעם, ער גלויבט!

ער קאָן ניט איינזיצן אויף איין אָרט. די פרייד זיינע פלייצט אַריבער איבער די האַריץ=ברעגן. זיינע קרענקליכע געזיכטס=שטריכן ווערן באַלויכטן מיט אַ גרויס ליכט. ווי גליקליך ער איז! אַך, דער קאָפּ טוט אים ניט וועה, טוט אים ניט וועה, זיינע אויגן

זיינען קלאָר און גלאַנצן „לויכטן מיט דעם ליכט פון דער הייליִ־
גער תורה", אַזוי זאָגט די מאַמע, די מאַמע... איצט איז ער
פריי פון יעדער צעפוילטער אויסערליכקייט, פון וואָסער ניט איז
פאַרשקלאַפטקייט. נאָר דער פאַרבאָרגענער גאָט, דער גאָט, וואָס
אַז דער מענש זעהט אים, לעבט ער — נאָר ער איז געבליבן ביי
אים אין האַרצן, נאָר אים וועט ער דינען...

אַבראַמזאָן רייסט זיך אָפּ פון אָרט, וואו ער איז געשטאַנען,
און הויבט אָן טאַנצענדיג זיך דרעהען אין חדר. די פאַנטאַזיע
טראָגט אים און ער שוועבט אין דער הייך. אָטעמט, שיינט און
לאַכט הויך און פריש. „איך בין דער טייך, וואָס רייניגט אַלע
פלעקן", — האָט ער זיך דערמאָנט יענעם צדיקס שפּריכוואָרט.
און פּלוצים איז אין סאַמע מיטן טאַנץ, ווען זיינע נשמה־פעדים
האָבן געטאַנצט, פאַרשטערט געוואָרן זיין פרייד. אָנגעלאָפענע
וועגן און אָנגעקומענע טרעגערס זיינען פאַרביי אים אין גאַס. און
ז'... און ז'... און ז'...

דער קאָפּ זיינער איז ווי אין אַ קלעם, און פון דער טיף האָט
זיך אַ לאָז געטאָן אויף אים יענעס געשטאַלט, וואָס איז פון דעם
דאָזיגן הויז אַרויסגעקומען און וואָס צוריק מיט עטליכע טעג
האָט ער מיט איר פאַרבראַכט אין האַלבער נאַכט. — „אָ, ווי לייכט
און רוהיג איז מיין האַרץ: קיין טראָפּן אַפילו פון נעכטיגן ציִ־
טער"... האָט זיין נשמה געשווידערט.

— דו ווייסט, דו! — האָט משה־אהרנס קול צעטרייסלט די
לופט אין צימער, — פּרא־אדם! לאַנגער דראָנג, ביזט פון
זינען! ?

אַבראַמזאָן האָט זיך אויפגעמונטערט, אָנגענומען די עק באָרד,
אַ טרייסל געטאָן מיט דעם קאָפּ צעפּאַטלטע האָר, גלייך ווי ער
האָט געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון אים דעם שטאָך פון אַ קלע־
מעדיגן געדאַנק, וואָס האָט זיך אַריינגעגנבעט אין אים און געגראָבן
אונטער זיין נשמה. — ניין! אויב די אָפיציעלע אָפּטימיסטן
און די טראַדיציע־אָנהענגער, וואָס דאָס איז זייער פרנסה, זיינען

עקלהאַפֿטיג, זיינען דאָך אויך די פּעסימיסטן ניט בעסער פֿון זיי!

ער איז אויפֿגעשטאַנען, זיך געשטעלט אַנטקעגן פֿענסטער, גרייט צו מלחמה, און האָט אַריינגעלעגט די הענט אין די אַרבל.

— וואָס? וואָס איז, פֿאַרצווייפֿלונגס־ווערים?... ס'אַ ליגן! מיינע אויגן זיינען ניט בלינד, איך זעה אַליץ, אָבער איך זאָג אויך, אַז דאָס קרעכצן און קלאָגן זיך גופא איז דאָך מער ניט ווי פֿון דער לעבנס־פֿאַרדאָרבנקייט, פֿונם מענשענס פֿאַרשן זיין וועלטס שלעכטס... גערעכט איז זאַראַטוסטראַ: מיר זיינען אָפּגעלאָזענע, פֿוילן זיך צו לעבן, פֿוילן זיך ברייטער מאַכן דאָס לעבן, עס אויפֿהויבן, זיין דער שעפֿער זיינער...

— אויף וואָס דאַרף מען זיי? בכלל אויף וואָס דאַרף מען זיי, פֿרעגט איר? — האָט זיך אַבראַמזאָן אויפֿגערעגט, און פֿון יענער זייט שוועל איז געשטאַנען די טרויעריגע באַלעבאָסטע און האָט פֿאַרציטערט זיך צוגעהערט צום „משוגעת" פֿונם גוטן שכן, וואָס רעדט צו זיך אַליין, — אָבער נאָך די אַלע אָפּפֿרעגעכטסן, פֿאַרשטעהענישן און איבערצייגונגען לעבט איר דאָך פֿאָרט, און אַפֿילו יענער לעבט דאָך נאָך אויך, ווי ער זאָל ניט לעבן, סוף כּל סוף — אָבער מ'לעבט דאָך! איז דאָך דערפֿון גע־דרונגען? איז גערדרונגען, אַז דער מענש איז צוגעבונדן צו אָט יענעם באַהאַלטענעם און אַפֿילו אין גאָר שלעכטס זיינעם געפֿינט זיין נשמה עפּעס אַ מין באַהאַלטענעם תּענוג. און דעריבער? דעריבער דאַרפֿן מיר ניט שטיין אַרום דעם לעבן, ווי סתּם באַאָב־אַכטער. מ'דאַרף מלחמה האַלטן, פֿאַרריכטן, גרויס מאַכן, דער־הויבן. דאָס סתּם באַאָבאַכטן איז אַ זינד קעגן דעם הייליגן לעבן! פֿאַרשאָלטן זאָלן זיין די סתּם־באַאָבאַכטער!

זיין גאַנצן גוף האָט געפּרעסן אַ פֿיבער־פֿייער, אַז ער האָט זיך ווידער געזעצט אַרבעטן. און ער האָט געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג. און פֿון עסשטוב האָבן זיך אַרויסגעריסן די שטימען פֿון די קינדער, וואָס האָבן געזונגען. און אַן אומענדליכער צער, וואָס

האָט אויפגערירט אַלע נערוון און צערודערט ביז גאָר, איז געווען אין זייער געצויגענעם ציקלען זיך, זינגענדיג דאָס וואָרט „ער וויל״:

„אָבעי אונזעי דאָט,
ס׳אין הימעי יוהטיע,
וואָס׳ עי ווי־י טוט עי...
וואָס ע ר ו ו י ל...
וואָס ער ווי־י־ל...

אַבראַמזאָן האָט געאַרבעט.

## י.

משה קאַצמאַנס קליין הייזל, וואָס אין איינעם פון זיינע דריי צימערן האָט געוואוינט חוה בלומין, — שטייט אין אַ וויסטער גאַס, וואָס פון שטאָט=צענטר. דאָס דאָזיגע איינגאָרנדיגע הויז זעהט אויס משונהדיג: אין גאַס אַרויס איז עס ברייט, און אינעווניג אַריין — שמאָל; די ווענט זיינע זיינען פול מיט שפּאַלטן און לעכער און אָפּגעשפּאַרעוועט. די צוויי אומריינע פענסטער אין גאַס אַרויס זיינען נידעריג, ליגן האַרט ביי דער ערד; אין די הייסע זומער=טעג, ווען זעלדע די באַלעבאָסטע פלעגט זיצן, ווי איר שטייגער, אויף דער פריזבע און קנאַקן קערלאַך און „מנשה דער טאַטע“, אַט דער אַלטער ליץ, פלעגט ווען אַריינגיין איר אין די אויגן אין שטוב אַריין, „ניט ווי געוועהנליך“, דוקא דורכן פענסטער, הגם די טיר נעבן איז געווען אָפן, — איז אים געווען געגוג אויפצוהויבן עטוואָס דעם פוס, „כדי ער זאָל קאָנען אַריינפאַלן — ווי דער דאָזיגער באַלעבאָס פלעגט ליב האָבן זאָגן אויף זיין אייגענעם לשון, — תיכף ומיד, ווי ער שטייט און גייט, אין סאַמע וואונדערליכער שטאַל אַריין“.

„די וואונדערליכע שטאַל“ איז שטענדיג געווען אָפן פאַר אַלעמען. נאָך מער: די שטוב=מענשן פלעגן זיך שטאַרק פרעהען מיט יעדן נייעם מענשן, אַבי דאָס זאָל זיין פון יענעם מין „דלפנים“, וואָס האָבן עפּעס אַ שייכות פון וואָסער ניט איז צייט צו זיי, שוין ניט גערעדט, אויב דאָס איז געווען אַ יונגער מענש, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער קאָמפּאַניע, און נאָך מער, אויב דאָס איז נאָך געווען „ניט קיין ייד“ — אַזאַ מין מענש האָט מען דאָ אויפגענומען אויף אַ געהויבענעם שטייגער. אַלע עקסטער=

נעם האָבן געוואוסט, אַז בײַ מנשה קאַצמאַנען, בײַ זײַן װײַב גי־
טעלע מיט דער ברייטער נאָז און בלויע אויגן, קאָן זיך געפינען
אַן אָרט יעדערער, וואָס קאָן זיך ניט באַזעצן אין אײנפּאָר בײַ חיה
דער „גוטער אַלמנה", וואָס האָט ליב שפּײַזן אירע קינדער אויף
אַ טײַערן אופן „טײַער — פּראָסט און פּשוט", ווי בורלאַך, דער
„אײבּיגער עקסטערן" האָט פאַרזיכערט.

מנשה דער באַלעבאָס פלעגט אויפנעמען יעדע „נײַע נאָז",
וואָס איז אַרײַנגעקומען צום ערשטן מאָל אין שטוב אַרײַן, ליגנדיג,
ווי זײַן שטײגער, גאַנצע טעג אויסגעצויגן אויף דער באַנק. און
אַזוי פלעגט ער פאַרבינדן „מיט דער נײַער נאָז" דעם שמועס:

— אָט האָסטו פאַר דיר מײַן שטוב, לאָמאָנאָסאָוו לאָמאָנאָסאָ־
וויטש, דאָס טײַערע מעבל, די פיר ווענט — אַליִך, אַליִך איז
דײַנס, פון דײַן טובה און פון דײַן הנאה ווענט. ווײַל אין דער
דאָזיגער שטאָל, הויכגעשטעלטער לאָמאָנאָסאָוו, זײַנען נישטאָ
קײַן פרעמדע און אײַנגעזעסענע, אַלע זײַנען אָקסן... טפו,
כ'מײַן: אַלע זײַנען פרעמדע און אַלע זײַנען אײַנגעזעסענע, זאָל
איך אַזוי לעבן! איך בין מנשה, דער אַלטער לערער, וואָס האָט
ליב שלאָפן, זי איז גיטעלע מײַן טײַערע, די באַלעבאָסטע, און
דאָס אויסרײַסעניש אין שטוב, מײַן גרויסע און יונגע בתולה
מאַמזועל זעלדע... טפו, פאַרשטומט זאָל מיר דאָס מויל ווערן
פאַר אַזאַ העזה! ניט זעלדע, חס ושלום — זינאַאידאַ, זינאַאידאַ
מאַקסימאָוונאַ (איך הײס, ווי אַלעמען איז באַקאַנט, מאַקסים),
„מיט אײן וואָרט", ווי מע זאָגט אין פּראָפּאָגאַנדע־דרשות, מיר
אַלע, מיר אַלע, מײַן נחומלען דעם פּוסט־און־פּאַסניק דעם קלײ־
נעם, וואָס וועט, אם ירצה השם, ווערן אַ גרויסער לײַדיגגײער,
אויך אַרײַנגערעכנט, אַלע מיר האָבן אונזער רוה דאָ, אינם הונגער־
זאַל, אינם הונגער־זאַל, לאָמאָנאָנסנוו לאָמאָנאָסאָוויטש. דו הערסט,
אינם הונגער־זאַל — זאָל איך אַזוי לעבן! פון די אַלע
רייד איז אַרויסגעדרונגען, אַז אַלע איבעריגע חדרים זײַנען פון
דײַנעטוועגן, הויכגעשטעלטער לאָמאָנאָסאָוו. אַלע חדרים, האָב
איך געזאָגט, זיך ניט באַטראַכט, און איך מוז, ס'איז מײַן חוב, צו־

צוגעבן, אַלע, אויסער י ע ו ו אַ איסאַקאָוונאַס חדר, זאָל איך אַזוי לעבן! ווייל אין יענעם צימער, מיין יונגער פּריינט, אין יענעם צימער, פאַרשטעהסטו, מענש איינער, אין יענעם צימער, דאַרפסטו וויסן, הויבט זיך שוין אָן אַן אַנדער מלוכה. דאָרט איז נישטאָ קיין זכר פון אַנאַרכיע. דאָרט איז ריין, אָרדענונג, פאָטאָגראַפיעס, גראָשן־בילדער, טשעכאָוו, טאָלסטאָי, רחמנות, ליבע... ווייל נאָר פאַר רחמנות און ליבע וואוינט ביי אונז דאָס דאָזיגע וואונדערליכע מיידל,וואָס וואָלט געקאָנט איינשטיין קוואַרטיר ביים קיניג אַליין, זאָל איך אַזוי לעבן! ווייל, חוץ דעם, וואָס זי צאָלט מזומנים פאַר דעם דאָזיגן קאַלטן קאַסטן, איר חדר, חוץ די פּאָר רובל, וואָס זי גיט אונז צו שטייער אויף האָליך, ווי גיטעלע מיינע זאָגט, ניין, ווי איך זאָג, איז נאָך... אָבער ניט דאָס ב'ן איך אויסן... דאָס, וואָס געהער יאָ צום ענין, איז: ליגן, הויכגעשעצטער שכן, ליגן קאָנסטו אַזוי, ווי דו ווערסט וועלן: אויף דעם דיל, אויפן אויוון, אויף דער סטעליע, אויף דער אויבערשוועל פון פענסטער, אויף די קאַרניזן פון דער וואַנט, נאָר קיין קישן זאָלסטו ניט בעטן, און קיין ברויט זאָלסטו אויך ניט פאָדערן. אדרבא, פאַרקערט, אויב, חוץ אידעאַלן, לערנביכער און אַ מאָס נאַרישקייט (דאָס כאַפּ איך אַריין מיט איין אָטעם און מיט אַ כונה אויף יעדן פאַל, וואָס קאָן טרעפן, זאָל איך אַזוי לעבן), ובכן, חזר איך איבער אונזערע תנאים: אויב חוץ אידעאַלן און לערנביכער און ניין מאָס קענטעניש, ווערסטו נאָר האָבן הערינג — דאַן וועלן מיר דיר העלפן עסן. ווייל מיר זיינען גרויסע בעלנים אויף דער אכילה, און מאָגנס האָבן מיר אויך אַלע, זאָל איך אַזוי לעבן, און אויך דו, לאָמאָנאָסאָוו לאָמאָנאָסאָוויטש, ביזט פון יענע נאַראָנים, כ'מיין: — חכמים, וואָס גלויבן ניט אין קיין שום זאַך, און גלויבסטו ניט אַפילו אין מיין טעזיס וועגן אונזער הונגער, — טאָ פרעג מיין טייער גיטעלע, זאָל לעבן, וואָס שטייט דאָ צווישן אונז און סמאָקעט איר פינגער. און אין איין וועג וועל איך שוין, טייערער יונגערבוים מיינער, דערציילן, וואָס דו דאַרפסט נאָך וויסן: אַז גיטעלע זוגתי איז, ברוך השם, אַ גרויסע חכמה,

די מלכּת שבא ! זי, כּדומה למשל, פֿאָדערט פֿון מיר, איך זאָל גיין זוכן איבּער די מערק און גאַסן נייע שטונדן, איך, דער אַלטער מאַקסים... גימפּלאָוויטש, אויבּ איך האָבּ קיין טעות ניט ! זינאַאידאַ מיין טעכטערל, אַזוי ? דו ווייסט ניט, ווי אַזוי מע האָט גערופן מיין טאַטן, עליו השלום ? דאַכט זיך, גימפּלאָ־וויטש ? נו, ניט דאָס בּין איך אויסן. דער עיקר...

מנשה בּריהט זיך תּמיד פֿאַרענדיגן זיין לאַנגע טיראַדע מיט עפּעס אַ שאַרפֿן אַפֿאָריזם. און איז איבּערגליקליך, אַז דער עולם הויבּט אויף אַ געלעכטער און נעמט שרייען אין איין קול : אוי, מנשה, שוין איינמאָל אַן אַלטער מנשה, אַ מיילכל, אַ ציניקער און גאָר. — אַ ציניקער אין פֿולן זינען פֿון וואָרט ! צעהיצט זיך מער פֿאַר אַלעמען בּורלאַך און קייכט מיט זיין כאָ־כאָ־כאָ, — אַן אַבּסאָלוטער ליץ, אַ ציניקער אין קאַטעגאָרישן זינען, כאָ־כאָ־כאָ !

— ציניקער ? ליץ ? — שמעלצט זיך דער פּלאַפּלער פֿאַר תּענוג, — ווער זידלט עס מיך מיט אַזעלכע ווערטער פֿאַרן יונגן, נייעם עקסטערן ? אַ, בּורלאַך, דער אַלטער עקסטערן, כ'מיין, דער אייבּיגער עקסטערן ? נו, קידערלאַך, דעם דאָזיגן חכם איז אַלץ דערלויבּט, אַלץ מעג ער, ווי זאָגט מען עס, זאָל איך אַזוי לעבּן ! נאָר אין וואָס דען צווייפֿל איך ? — ציניקער — ווי אַזוי קאָן דאָס זיין ? ! אַ ציניקער אין צוואַנציגסטן יאָר־הונדערט ? אמת, דער צוואַנציגסטער יאָרהונדערט איז נאָך ניט געענדיגט, אָבּער, דאָס וועט איר מודה זיין, מיר זיינען שוין צופּיל קלוג געוואָרן. ובכן, אפשר האָט איר, יונגוואַרג, אַ טעות, אפשר ניט קיין ציניקער ? אפשר פּשוט בּדחן, פּלוידערזאַק, אַ ? ווי מיינסטו וועגן דעם, טאָכטער מיינע זעלדע ? דו בּיזט דאָך זינאַאידאַ מאַקסים־גימפּלאָווגאַ, עפּעס פֿון דעם מין מיידלאַך, וואָס טראַכטן. רבּ גאַסט לאָמאָנאָסאָוו, דו ווייסט נאָך דאָס אפשר ניט ? דו מוזט עס וויסן, יונגערבּוים, ס'איז דיין חוב צו וויסן ! מילא, מיין עלטערע טאָכטער, ראָזאַליאַ מאַקסימאָווגאַ, די אויסגעגעבּענע פֿאַר כאַווערשטיינען, כאַווערשטיינען דעם דאַנטיסט, — זי איז

פּש־ש־ש!... דרך אֶרץ, קליין ווערימל! ראשית, זיין אַ קיניגין פֿאָן כּאַווערשטיין, זיין אַ ווייב פֿאַר אַ מענשן, וואָס איז אַזוי איבערגעגעבן, אַזוי איבערגעגעבן... זאָל איך אַזוי לעבן!.. אמת, דאָס איז אַ נאַטורגעזעץ, אין אָנהויב קנוילט דער פֿלאַם און הויבט זיך אויף, און דערנאָך — ווערט דאָס פֿייער קלענער, די היץ קילט אויס און אַרום בלייבט רויך, רויך... טפֿו, טפֿו, טפֿו, ניין, ניין, דעם סוד וויל איך ניט אויסזאָגן. איך בין גרייט צו שווערן, אַז מיין איידעם כּאַווערשטיין איז, ווי אַמאָל, דער גרויסער, דער מוראדיגער, דער איבערגעגעבענער, — אוי, דער איבערגעגעבענער, וואָס איז ווערט, אַז אַלע זאָלן זיך האַלטן פֿאַר זיין פֿאָלע, און ראָזאַליאַ, זיין ווייב און מיין טאָכטער, שטייט העכער פֿון אַלע בריות, אויב ניט אינם קאָכן מיטאָג... דערפֿאַר אָבער: מאַרקס, בעבעל, ענגעלס, דאַרווין, בקיצור אַלעמען, אַלעמען ווייסט זי — פֿרעגט זי. אָבער די דאָזיקע, זעלדע...

— נו, נו, גענוג דיר רעדן! — שלאָגט אים ענדליך זינאַאידאַ מאַקסימאָווּנאַ איבער מיט אַ פֿאַרשייט, פֿאַרדריסליך געלעכטער, אַריינקוקנדיג אין איר ראָמאַן און קנאַקנדיג די קערלאַך פֿון דעם קופּקעלע אויפֿן טיש פֿאַר איר, — גוט, גוט, זאָל זיין ווי דו זאָגסט: ניט קיין ציניקער, אַ פּלוידערזאַק... אָבער פּלוידערן דאַרף דאָך אויך האָבן אַ מאָס. האָסט שוין גענוג אָנגעפּלוידערט!

זעלדע קאַצמאַן, אַ בלינד מיידל מיט לעבעדיגע, פֿאַרשייטע באַוועגונגען און מיט לאַכעדיגע ווייסע ציין האָט זיך באַצויגן צו אים ווי צו אַ היימישן אַלטן און משונה־מאָדנעם פֿריינט און זיך ניט באַגאַנגען מיט אים מיט כּבוד־אָב. און דער פֿרעמדער, וואָס איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, ווי נאָר ער האָט זיך צוגעקוקט צו איר און צו איר פֿאָטער און צו דער גאַנצער אַטמאָספֿערע אַרום, האָט ער ניט געקאָנט ניט איינגעפֿינען, אַז אַזוי, נאָר אַזוי דאַרף דאָ זיין, און וואָלט צווישן זיי ניט געווען אָט אַזאַ באַציהונג, ווען דאָס זאָל ניט אַזוי זיין — וואָלט עס אויסגעזעהן זעהר משונהדיג.

דאָס וואָרט ציניקער אין אָנהויב, דערנאָך דער טאָכטערס באַמערקונג זיינען געווען ווי בוימל אויף דעם פייער פאַר מנשה קאַצמאַנס חשק צו רעדן און פּלאַפּלען. דער דאָזיגער מענש, וואָס איז געווען אַ זעלטענער פּויליאַק, איז קיין מאָל ניט מיד געוואָרן פון רעדן. ער האָט זיך נעפּוילט גיין, לייענען, זיך וואַשן גאַניץ פריה דאָס פּנים, פאַרשפּילען דאָס העמד, אָבער רעדן, שמועסן, זיך אַמפּערן, אויסשפּיאָנירן — דערויף האָט ער זיך ניט געפּוילט. שעהנווייז פלעגט ער זיך אָפּליגן אויף דער באַנק מיטן פּנים אַרויף, צונויפגעקאָרטשעט אָדער אויסגעצויגן אַ קראַנקער, וואָס האַלט ביים געזונט ווערן, די פיס אויף דער באַנקפאַרענטשע באָרוויס, ווייל ער האָט זיך נעפּוילט אָנטאָן די צעריסענע און אויסגעקרימטע שיך, — און דאָס מויל איז אים ניט מיד געוואָרן מאַכן מיט דער בלאָטע גלייך דעם מענשן, די קרוין פון דער נאַטור, זיינע באַקאַנטע, זיינע קינדער, די עקסטערנעס, פּאָעטן, פילאָזאָפן, רעוואָלוציאָנערן ... ער פלעגט פּלאַפּלען און רעדן — און זיין טונקעלע, צעפלאָשעטע באָרד, די קליינע, לעבעדיגע און גלאַנצעדיגע אויגעלאַך, צוזאַמען מיט זיין שטערן, אַ ברייטער אונטן און שמאָלינקער אויבן, האָבן בולט געמאַכט זיינע מאָגערע באַקן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין באַוועגן זיך. זיינע קלאָגעדיגע, קראַנקע אברים, די טרוקענע הענט און פיס, אַליץ איז אין אים געווען שוואַרצליך און גרינליך-וויים, ווי אַן אָפּגעשיילטער שטעקן. דער שוואַרצער צעריסענער „סורדוט", מ'שטיינס געזאָגט, איז קיין מאָל ניט געווען פאַרשפּיליעט און ווי מנשה אַליין פלעגט זיך באַרימען, האָט נאָך קיין מאַמעס קינד ניט געזעהן אויפן סורדוט מער ווי דאָס איינע אונטערשטע קנעפּל. — קיין מאָל ניט, — פלעגט ער איבערחזרן מיט שטאָליץ, — פון ששת ימי בראשית אָן און ווייטער.

דער דאָזיגער מענש האָט אַ געוועהנהייט אויפשטיין גאַנץ פריה און נעמען גלייך וועקן מיט קולי-קולות די שטוב מענשן. דער עיקר, זיין „בת-מלכה", זיין זעלדעטשקען, „וואָס שיינט ווי די זון אין הימל און ווי אַ פלעצל אין שאַפע". זיין קול האָט זיך

געהערט איבער דער גאַנצער שטוב. שטייט אויף, שטייט אויף, שטאַל־באַשעפענישן, צו דער אַרבעט! אָ, אַלע שטולן און און בענק זיינען פאַרנומען, דער גאַנצער דיל איז באַלעגט מיט גופים און גופימלאַך און ניטאָ קיין פריי אָרט, וואו צו זעצן אָדער לעגן זיך — און ער מוז מטריח זיין די פיס, נעביך, ניין, דאָס וועט ניט זיין! אָבער ביז עלף אַזייגער הערט אים קיינער ניט. פלעגט זיך צומאָל מנשה קאַצמאַן אָנטאָן אַ גויט, באַזיגן זיין פוילקייט און זיך אַרומשלעפּן פון ווינקל צו ווינקל און מיט גרוים פאַרגעניגן צונויפוואַרפן „נחומלם תחתונים, מחילה", מיט זעלדעס, זאָל לעבן, קליידלאַך און קאָפּטלאַך, וואָס האָט פאַר־דראָסן די קינדער, וועלכע זיינען געלעגן אויפן קאַלטן דיל און געבייזערט זיך, לאַכנדיג. ענדליך פלעגט זינאַאידאַ מאַק־סימאָוונאַ זיך איינוויקלען, ווי אַ קאַץ, אין דער קאָלדרע אויף צו להכעיס דעם „אַלטן מחבל", פלעגט כניקען, זיך פעסטענדיג, און געטראַכט פון אירע שענע האָר, וועלכע האָבן זיך געזעהן איבער איר קאָפּ. און די אורחים און שכנים, וואָס שטייען איין ביי מנשהן, שפּאַצירן אַרום איבער „אַלע חדרים" אָן די אויבערשטע קליידער און שעמען זיך ניט.

בורלאַך, וואָס האָט שוין אָנגעטאָן זיין זשילעט, האַלט די געאָמעטריע, אָדער מינעראַלאָגיע, דרעהט זיך אַרום, און וואַקסט אוים אומעטום, ווי די באַלעבאָסטע גיטעלע זאָגט, — וואו מ'האָט אים ניט פאַרזייהט, קלעטערט אויף די שאפעס און פאָליצעס, זוכט זיין „צעזאַר", וואָס איז ווי אין וואַסער אַריין, און ווי אויף צו להכעיס, דווקא איצט, אין דער פריה, ווען דער מוח איז אים קלאָר צו „מאַכן איבערזעצונגען"! צולעצט דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט פאַרגעסן דעם „צעזאַר" זיינעם ביי בלומין אין צימער; און ווייל בלומינס צימער איז איצט פאַרשלאָסן פון אינעווייניג, הויבט בורלאַך אָן פאַר כעס שעלטן די דאָ־זיגע שטוב, וואו מע קאָן גאָרניט טון: קאַלט, מישמאַש און אומאָרדענונג — און גיי צום עקזאַמען ביי אַזעלכע „באַדינ־גונגען"!.. מיט אָט די טענות זיינע טוט ער אַ גרויסן חסד

מנשהן, וואָס דערפרעהט זיך מיטן אויסרייד אָנצוהויבן זיין שמועס. פון אַלעמען הערט ער נאָר זידלערייען: דאָס איז ניט קיין ריינע יידישע געזעלשאַפט, ניט קיין שטורמישע חברה יונגע לייט, ניט קיין בית־המדרש, ניט קיין אויבערשטאָט, ניט קיין סעקרעטאַר אין עפּעס אַן אַגודה, ניט קיין קאַסיר אין עפּעס אַ קאָמיטעט — געפעלט ער בורלאַכן אויך ניט? אפשר געפעלט אים אויך ניט דעם באַלעבאָס פּרצוף? און ער שטייט, קוקט אין שפּיגל און וואונדערט זיך, פאַרוואָס מאַכט מען אים ניט פאַר קיין שאַך אין פּערסיע? זיין בערדל איז דאָך פּאָרט, ווי דאָס ברעטל ביים המן־קלאַפּער! „גיטעלע, מיין טייערע, אַזוי? דו גרייטסט צו טיי, צי דען דאַרפסטו שטיין אין קיך, וועה איז מיר, קום נאָר אַהער, גיב אַ קוק, וועסטו מיך נאָך שטאַרקער ליב קריגן״...

— אוי, המן!.. — כאַפּט „דער משוגענער״ אַ ליבליך־כעסדיגן ענטפער פון זיין ווייב גיטעלע. אים טוט הנאה די דאָזיגע תשובה, און ער פּלוידערט ווייטער, אויסציהענדיג זיך אויף דעם וואַרימען געלעגער, וואָס די טאָכטער האָט צעשפּרייט אויף דעם דיל.

ער דרייט אויס דעם פּנים אַמאָל צו בורלאַכן, אַמאָל צו דער סאַזשע אויף די פּייכטע, שוואַרצע ווענט און צום אויסגע־נייהטן „מזרח״, וואָס איז באַדעקט מיט פינטעלאַך פון פליגן — דאָס רעשט יידישקייט אין שטוב.

און וואָס ס׳איז נוגע די קעלט, לאָמאָנאָסאָוו לאָמאָנאָסאָוויטש, און דיין קלאָגן זיך פאַר מיר אויף דער קעלט, איז אומזיסט קלאָגסטו זיך אויף איר און אויף מיר, ווייל שולדיג איז... בלומין! די גאַנצע שולד פאַלט אויף איר, זאָל איך אַזוי לעבן און ניט שטאַרבן! זאָג נאָר אַליין, אייביגער לאָמאָנאָ־סאָוו: ווען זי זאָל אויך, ווי דו, ניט צאָלן קיין שום דירה־געלט, וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין שום באַגריף וועגן וואַרימקייט און וואָלטן ניט געהאַט קיין צער פון דער קעלט, ניט אַזוי? אַז אָבער די דאָזיגע בורזשויקע, וואָס וואָלט געמעגט זיין פאַר־

זיצערין אויפן גרעסטן פרויען־קאָנגרעס, גיט אָפּ פון איר פאַר־דינסט וויפיל זי קאָן אויף הייצונג און דו, לא די, וואָס דו גיסט גאָרנישט, דערמאָנסטו מיר שטענדיג מיט דיין צורה אַ פוסטן הויכן בוים, וואָס טויג נאָר אויף צוהאַקן און איינהייצן מיט אים... אָט איז, אַ־אַ־אַ ! גיב נאָר אַ קוק, וואונדערבאַר ! אָט זעהט מען שוין אונזער גאַווריל'אָוון דורכן פענסטער. וואוהין לויפט ער עס? פע, פע, קומט שוין פון גאַס מלא, זאָל איך אַזוי לעבן! איר זעהט, טויגענישטן, גייט צו גאַווריל'אָוון, פוילי'אַקעס, לערנט זיך ביי אים: ער איז אויך, ווי איר, גע־שלאָפן דאָ אויף דעם דיל אין אַ ווינקעלע — איך האָב אים גע־עפנט אַרום דריי ביינאַכט. — און אָט, זעהט, שוין אַ שעה פיר, אַז ער איז אויפגעשטאַנען, און ער האָט שוין באַוויזן אויסצוגיסן דעם וויין פון זיך און ווידער אים אין זיך אַריינגיסן!

בורלאַק חזרט גיך: הם־הם־הם. ער ווייסט אָבער, אַז גאַווו־רי'לאָוו וועט אַריינקומען און תיכּף שטערן, און ער ווערט אין כּעס און כאַפּט זיך גיכער צו ענדיגן דעם ענין און די שטיקלאַך „מינעראַלאָגיע" קומען ביי אים אַרויס געכאַפּטע און ניט קלאָרע. אין דער זעלבער מינוט פאַלט אַריין דער שכּור אין שטוב אריין מיט אַ גאַנצן זייל פראָסט־דאַמף, זיין בלאָנדע צעשויבערטע באָרד איז באַדעקט געווען מיט פאַרפרוירענע שניי־עלאַך, און נאָך אויף דער שוועל פון טיר האָט ער שוין אָנגע־הויבן טענהן, מאַכנדיג מיט די הענט און מיט כּעס און פאַר־צווייפלונג:

— א פאָדלער בין איך! גאַווריל'אָוו, ביזט אַ פאָדלער! אַן אָרענטליכער מאַן מיט אַ ברייטער נשמה — נאָר אַ פאָדלער און נידעריגער מענש, אַ דונער זאָל מיך טרעפן, — אַ פאָדלע און נידעריגע זאַך. הער נאָר, מענש דו איינער, הער: איך פאָדער אַ גלאָז טיי — דו הערסט: מיינע יאָרן גייען פאַר־לוירן, אָבער דו הער, וואָס איך זאָג, איך וויל ניט! וואָס טוסטו? אַ? זאָג: וואָס לערנסטו? נאַטורוויסנשאַפט, פּאָעזיע, — וואָס פאַר אַ נוצן האָט דאָס פאָלק פון דעם? אַ, וואָס

פֿאַר אַ נוצן האָט דאָס פֿאָלק פֿון דעם? אַכט יאָר בין איך גע־וועזן לערער אין אַ דאָרף — דו הערסט? — ניין יאָר בין איך געווען לערער אין אַ דאָרף, און מער וויל איך ניט!.. אונזער אומגליק איז דער בראַנפֿן, דאָס איז דער אומגליק פֿונם רוסישן פֿאָלק, אָבער, איך, איך וויל ניט, טרייבט מיך אַרויס און איך וויל ניט! אַ פֿאָדלער בין איך, אַ דונער זאָל מיך טרעפֿן! און דו? וואוהין גייסטו, באַלעבאָס? וואָס גייט ער אַוועק? דו ביסט ביי מיר קיין באַלעבאָס ניט, פֿאַרוואָס גייט ער אַוועק? ווי אַזוי הייסט ער? בורלאַך? הער נאָר, בורלאַך! זאָג ניט: איך בין אַ ייד. איך האָב ליב יידן. איך וועל זיי תּמיד פֿאַרטיידיגן, איך האָב ליב... זינאַאידא מאַקסימאָוונאַ! איך האָב ליב יידן! לאָז, איך וועל דיך אַ קוש טון...

— מכּות!..

— זינאַאידאַ מאַקסימאָוונאַ! — לאָזט גאַווריל׳אָוו אָפּ בור־לאַכן און טוט אַ שכּורן טריט, זיך שאָקלענדיג, צום מיידל צו. זי דרעהט זיך אויס און לאַכט.

— וואָס זאָגט איר אויפֿן טרפֿהנעם ערל, — טרו־מייטערט מנשה דער פֿאָטער, — אים גלוסט זיך בעסער אַ קוש, ווי פּגרן! אָבער דו, אַ גרויס מיידל, ווי אַזוי זאָגסטו אָפּ אַ גוי? אָט אַזוי פֿירט מען זיך דען? און אַז ער ווערט שכּור, דעריבער איז וואָס?! ווערליג ס׳ווייזט אויס, מאַכט מען אויך ביי זיי אַן אונטערשייד, זאָל איך אַזוי לעבן! גאַווריל׳אָוו — ניט, אָבער, גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש, זעלדע מאַק־סימאָוונאַ, גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש!

און אַז בורלאַך דערזעהט, גאַווריל׳אָוו גייט ווידער צו אים, גיט ער אַ שליידער מיט כּעס דאָס לערנבוך אויף דער באַנק און שעלט נאָך אַמאָל מיט טויטע קללות „דאָס דאָזיגע הויז״; דערנאָך שלעפּט ער אַרויף אויף זיך די לאַנגע כלאמידע, וואָס מ׳רופֿט מיטן נאָמען פּאַלטאָ, פֿאַרגנבעט זיך אין אַ ווינקעלע, וואו קיינער זעהט ניט, צעשויבערט דעם וואַלד ניט פֿאַרקעמטע האָר זיינע, פֿאַרגעסט ניט אַוועקלעגן צוויי לאָקענדלאַך פֿון זיין

פּאַטלע אויפֿן שטערן — אַ סימן פֿון פֿרייקייט און הפקרות: זעהט, מענשן, איך בין ניט פֿון די, וואָס לעגן אַכט אויפֿן אויסנווייניגסטן אויסזעהן. צו לעצט גייט ער איילנדיג אַרויס, לויפֿט איבער די אַ=ער גאַסן פֿון איין באַקאַנטן צום צווייטן. גאַוורילאָוו האָט ניט וועמען צו פֿייניגן און ער לעגט זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע, מאַכט מיט די ציטערדיגע ליפּן און רעדט שטיל וועגן דער רוסישער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿון זיך — אָבער קיינער הערט אים ניט. אַלע שטוב=מענשן זיינען פֿאַרנומען מיט דער האַרבער פֿראַגע: וואו נעמט מען צוקער צו דעם אינדערפֿריהעדיגן טיי?

אָט אַזוי פֿלעגט מען זיך פֿירן אין דערפֿריה. אָבער אין אָוונט... אין אָוונט, אַז ס׳פֿלעגן זיך אין הונגער=זאַל צונויפֿקומען גרינאָרי ניקאָלאַיעוויטש, באַזיליאַ מאַקסימאָוונאַ, איר מאַן כאַוועדשטיין, שמואל דאַווידאָווסקי און זייערע חברים, קליינגעלט, יידלמאַן, יעוואַ איסאַקאָוונאַ —

## יא.

יעקב אַבראַמזאָן האָט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון קינדהייט. פון קליינוויז אָן — אפשר פון פינפטן יאָר פון זיין לעבן — איז ער צוגעוועהנט געווען חקירהן אין זאַכן, וואָס זיין מוח האָט ניט געקאָנט באַנעמען און אַנאַליזירן אַליין „מיטן שאַרפן מעסער“ און קיינמאָל האָט ער קליינוויז ניט געהאַט קיין צאַצקעלאַך, קיין מיידלאַך־חברטעס, שפּילערייען און אַנדערע קינדערשע זאַכן. דער דאָזיגער אַבראַמזאָן, אָבער, אַז ער איז עלטער געוואָרן, איז ער געווען פון יענעם מין „גרויסע קינדער“, וואָס על־פּי־טבע זיינען זיי קלוגע און דערוואַקסענע מער ווי מ׳דאַרף, נאָר אַז זיי דערגרייכן אַ געוויסן הויכן פונקט, ווערט זייער האַרץ ווידער אַ קינדערש האַרץ.

די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געוואוינט — פאַר זיין פאָרן קיין צ.— ביי קאַצמאַנען אין שטוב, האָט זיין קינדערש האַרץ גאָר ניט געזעהן אויסער דער צוציהענדיגער, אָריגינעלער זייט אין יענער חברה, נאָר דאָס גוטע אין אָט דעם דאָזיגן לעבן: קליינשעצן אָנגענומענע געזעצן, אַ שאַרף וואָרט, דלות און פרעהליכקייט און צעטיילן דאָס שטיקל בולקע יעדערן באַגלייך. אָבער דאָס שלעכטע, די וואולגאַרקייט, דאָס פוילן זיך, די העסליכקייט, און אין אַ גרויסער מאָס, אויך „דאָס האַנדלען מיט אויסבעסערן די וועלט“, וואָס מנשה אַליין איז אויך ניט געווען ווייט פון דעם, ניט געקוקט אויף זיינע „חכמות“ און בייסענישן קעגן כאַוורשטיינען זיין אידעם — אַבראַמזאָן האָט ניט אָנגענומען דאָס שלעכטע; און ניט נאָר דאָס: אין זיין יוגנט־גליהען — דעמאָלט האָט ער זיך מער דערנעהענטערט צו בלומין, וואָס

האָט געוואוינט אינם קליינעם צימער דאָרט אין שטוב, — האָט
ער גאָרניט געזעהן דאָס דאָזיגע שלעכטע און עס ניט אָנערקענט,
און האָט, ממילא, שוין ניט איינגעזאַפּט עס אין זיך.

און נאָך וואָס: ער איז דעמאָלט געווען שטאַרק פאַרנומען
און פלעגט אפילו צו אוריאל דאַווידאָווסקין זעלטן אַריינקומען.
אוריאלס קליינע געזעלשאַפט איז זיך צעפאַלן נאָך פאָריגן
ווינטער. שנייסער איז דערווייטערט געוואָרן דורך „דער שווערער
דראַמע“, וואָס האָט זיך געטראָפן אין זיין לעבן, אַ דראַמע, וואָס
רופט זיך מיט יענעם נאָמען, וואָס איז גוט באַקאַנט די ישיבה=
בחורים פון „מסכת כתובות“. יידלמאַן האָט איבערגעריסן די
באַציהונגען און אויפגעהערט זיך זעהן מיטן „פאַטריצי“, כביכול,
וואָס שטייט אויסער דער „מחנה“. דער געהילפס=פאַרמאַצעווט
הילבערג, אַ שטילער שעמעוודיגער בחור, מיט לאַנגע האָר און
מיט שאָקאָלאַד=פאַרביגע אויגן, איז געפאַנגען געוואָרן אין דער
כשוף=נעץ פון איינער אַ גימנאַזיסטין, און ער זיצט אָפּ אַלע „פרייע
טעג און האַלבע טעג“ ביי איר פאָטער אַ באַלעבאָס אַ יורד,
זיצט, טרינקט טיי און פאַרקוקט זיך אויף דער גרינער קלייד פון
זיין „געליבטער“, קוקט זיך איין, זיפצט און ווערט צעגאַנגען.
קליינגעלט, אָט דאָס דאָזיגע דאַר און בלאַס מענ=
שעלע, וואָס אָנשטאָט באַקן, האָט ער צוויי גריבער, פולע מיט
„לישאַיעס“, און וואָס דער גאָרגל זיינער רוקט זיך אַרויס,
אַ שאַרפער און דינער, ווי אַ באַקאַנטער, פון דעם קאָלנער פונם
אויסגענייהטן העמדל, — אַפילו ער איז סוף כל סוף מיד גע=
וואָרן אַריינצוקומען צום אָפּשפּעטער דאַווידאָווסקין און אויס=
צוהערן זיינע קורצע סאַרקאַזמען. דער דאָזיגער קליינגעלט
האָט זיך ווידער=אַמאָל גענומען פאַר זיין שטעלע, אַ מין בוכ=
האַלטער אין עפּעס אַ קאַנטאָר, און פאַר זיין פידל — ער האָט
געשפּילט פידל — נאָר ווייל בינה לבינה האָט מען אים אָפּגע=
זאָגט פון זיין שטעלע און דעם פידל האָט ער פאַרזעצט אין
לאָמבאַרד — האָט ער זיך מישב געווען און געוואָרן
אַ פלאַקס=הענדלער, אָנגעהויבן יעדן טאָג זיין אויף דער

„יידישער בערזע״, ד. ה. אין גרינשטיינס אכסניא, וואָס דאָרטן פלעגן זיך צונויפקומען די סוחרים, — און זיך געמיהט מיט אַלע כּוחות זיין אַן אמתער סוחר מיט אַלע „פישטשעווקעס״. אָבער דאָ, דאַרף מען מודה זיין, איז ער געבליבן שטיין מיט איין פוס אין דער אידעאַליסטישער וועלט און זיין מיינונג צווישן די בערזע־לויתנס איז געבליבן אַ יתומל. זעלטן, ווען ער פלעגט אָפטרייסלען פון זיך די „בערזע־אַטמאָספערע״, פלעגט ער אריינקומען צו דאַווידאָווסקין מיט אַ גוטער כּוונה, אויסהערן זיינע מיינונגען וועגן הויכע און גייסטיגע ענינים, נאָר ער האָט זיך, ענדליך, איבערגעצייגט, אַז דאַווידאָווסקי, אָדער ער לאַכט, אָדער ער שווייגט, און ער האָט אים אינגאַנצן פאַרלאָזט און אָנגעהויבן אַריינקומען צו מנשה קאצמאַנען — און דאָרט האָט ער אויסגעלערנט די גאַנצע „נייע תּורה״ אויף איין פוס. ער האָט ניט מורא געהאַט „טאָמער וועט מען רעדן פון אים״: די געשעפטן זיינען דערווייל שלעכטע, פרייע טעג — מער ווי גענוג, און עפעס אַ רעכטער שדוך מאַכט זיך ניט דערווייל... און אויב אַזוי, איז דאָך גלייכער — אַ ביסל פון לאַנגווייליגקייט וועגן און אַרומגיין לעדיג מחמת קנאה צו שנייסערן — „ערשיינען״ פון צייט צו צייט ווי אַ מעפיסטאָפעל אין קאַצמאַנס געזעלשאַפט און אויסלאַכן דעם „גאַנצן ענין״.

יידלמאַן איז געבליבן, ווי פריהער, „אַ מענש, וואָס קריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט״, דאָס הייסט, מיט אַלע קאַצמאַנס באַזוכער. אַז כאַווערשטיין, דער ראש פון דער חברה, אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר דרייסיג, מיט אַ ליסענע און רויטע אויגן, פלעגט אָנהויבן אַרויסזאָגן זיין קלאָרע מיינונג, מיט אַ זיכערן טאָן וועגן „דער אייזערנער האַנט פונם היסטאָרישן פראָצעס״, ווי אַן „אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיסט״ און האָט דערביי אויסגעזעהן, גלייך ווי ער וואָלט געזאָגט: „איר זעהט, ווי גוט ס׳איז צו זיין אַן אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיסט״; אָדער, אַז גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש, אַ רוסישער יונגער מאַן פון אַ יאָר דריי און צוואַנציג, מיט אַן אינטעליגענטן פּנים און קאַרע פרעהליכע אויגן,

פֿלעגט רעדן וועגן דעם „רעוואָלוציאָנערן עלעמענט, וואָס איז אומעטום דאָ" און וועגן דער „ווילדער קראַפֿט פֿון די מאַסן", ווי „ניט קיין אָרטאָדאָקסאַלער" און אויך מיט אַ זיכערן טאָן און מיט עפּעס אַ פֿרעהליכקייט, וואָס האָט באַטייט: „ווי גוט און אָנגענעם איז די פֿרייהייט"; אָדער, אַז דער אייביגער עקסטערן, בורלאַק, פֿלעגט זיך אויפֿהויבן און דערמאָנען, ווי פֿאַרבייגייענדיג די יידן־פֿראַגע און איר באַציהונג צו דער „באַוועגונג" און אויסבאַיהן פֿון קאַרל קויטסקין און אַנדערע — און אויך מיט עפּעס אַ פֿרייד אויף עמיצנס אומגליק —, אַז די יידן פֿעלן אַלע אַטריבוטן, וואָס אַ פֿאָלק, לויט די געלערנטע האַלטן, דאַרף האָבן, און אַז די איינציגע ליזונג פֿון דער פֿראַגע איז — זיך אַסימילירן „אין קאַטעגאָרישן זינען" מיט דעם איינגעבוירענעם פֿאָלק, — דעמאָלט פֿלעגט זיך יידלמאַן צעפֿלאַקערן, זיך אַוועקשטעלן איינער קעגן אַלע, זיך צעפֿאָכען מיט די הענט, אונטערשפּרינגען מיט די קורצע פֿיסלאַך, אַרויסשיסן מיט אַלע זיינע רעזאָלוציעס, זיך ווענדן צו כאַווערשטיינען און זאָגן: — „גראַד פֿאַרקערט!" און גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטשן אַ זאָג טון: — „אַדרבא!" זיך אויסקערעווען צו בורלאַכן, אָדער צו וועמען ס'ניט איז און מיט אַ גמרא־נגון דערווייזן, „אַז זינט ער איז געקומען צום שכל, זינט זיין געדאַנק האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען"...

און אַבראַמזאָן, וואָס ניט שטענדיג האָט ער זיך געקאָנט איינהאַלטן ניט צו נעמען קיין אָנטייל אין די דאָזיגע פּוסטע דעבאַטן און אַמפּערנישן, איז אין עצם זעהר ווייט געווען פֿון זיי; ער האָט זיך ניט גענויטיגט אין זיי און בכלל אין גאָרניט. איין שווער געפֿיהל האָט אים באַהערשט. אַליין האָט זיך אינגאַנצן אָפּגערוקט אָן אַ זייט, זיך באַהאַלטן פֿאַר דעם דאָזיגן געפֿיהל. ער איז דעמאָלט געווען פֿאַרצאָרנט און איבערדריסיג איז אים געווען אויף דעם „לעבנס־שרעק פֿון די אָרימע פֿערד און אויף דער ל ע ב נ ס ־ ו ו י ל ד ק י י ט פֿון די דאָזיגע, וואָס אַרבעטן מיט זייער חבר אומזיסט."

אין יענער צייט האָבן זיך זעהר שטאַרק דערוועקט אין אים אויך ריין=פּערזענליכע געפיהלן: חוה בלומין האָט געפאַנגען אויך זיין נשמה, וואָס האָט תמיד געבענקט נאָך שענקייט און ריינער צאַרטקייט, האָט געפאַנגען אויך זיין גליהענדיגן גוף, דעם קערפּער פון אַ העכער צוואַנציגיאָריגן בחור, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט קיין באַציהונג מיט קיין פרוי.

אַבראַמזאָן האָט נאָך ניט געהאַט קיין באַציהונגען מיט קיין שום פרוי. די דאָזיגע אבסאלוטע אויפגעהאַלטענקייט פלעגט אַמאָל זיך אויפבונטעווען אין אים, ברענגען זיין מוח אויף אַ רגע צו זנות אויף זעהר אַ ביטערן און פאַרשעמענדיגן שטייגער, אָבער נאָר אויף אַ וויילע. זיין האַרץ איז געבליבן גאַנץ און און נאַאיוו און געבענקט האָט ער נאָך ריינער ליבע. די ליבע איז ביי אים געווען אַ וויכטיגער טייל אין לעבן — אַ טייל, וואָס אָן איר איז שווער זיך פאָרשטעלן דאָס לעבן. די זאַך מוז קאָמפּליצירט זיין און אין איינוועגס — איינפאַך...

און אַבראַמזאָנען איז געבליבן אין געדעכעניש אַן אָוונט פון יענער צייט, וואָס ער וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ס'איז געווען שניט=צייט. אין דרויסן האָט אַ ווינט געבלאָזן. חוה איסאַקאָוונאַ איז געקומען פון איר אַרבעט און האָט זיך צוגעלעגט אָפּרוהען אין די קליידער אויף דער באַנק אין איר צימער. עפּעס האָט זי זיך ניט גוט געפיהלט. אַבראַמזאָן איז געזעסן נעבן איר. אינם „הונגער=זאַל“ זיינען זיך שוין צונויפגעקומען אַלע חברים און זייערע קולות האָבן זיך אַריינגעריסן אויך אַהער, אין דעם דאָזיגן צימערל, וואָס איז פול געווען מיט אַ ווייכער און ליבער שטילקייט. אַבראַמזאָנס שטימונג איז געווען דעמאָלט עפּעס אַ מאָדנע=אומגעוועהנליכע: בלומינס זיך ניט גוט פיהלן, האָט אים איבערגעציינט, ווי טייער זי איז אים, און דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַן אומענדליכן פאַרגעניגן. ער האָט אויף איר צייטנווייז געקוקט מיט אַ פרייען פריינטליכן בליק, און איינגעפונען, אַז אָט יענער אויסטערלישער שטריך, וואָס האָט אים באַזונדערס ליב געמאַכט דאָס ענערגישע ליפּן=צוזאַמענפּרעסן,

דאָס באַוועגן פון די טונקל־קלאָרע באַקן, די ווייסקייט פון שענעם שטערן און דער גלאַנץ פון די בלויע אויגן, — אַז אָט דער דאָזיגער שטריך דריקט זיך איצט באַזונדערס אויס און מאַכט זי נאָך נעהענטער צו אים. זיין גאַנצע פּיין און אומצופרידנקייט זיינען ווי פאַרשוואונדן. ער האָט פון גאָרנישט ניט געטראַכט און זיין געדאַנק האָט זיך געדרעהט אַרום איין משונהדיגער זאַך: „איר שטערן איז בלאַס, אָבער ניט ווייס, איר שטערן איז בלאַס, אָבער ניט ווייס... און די האָר אירע... און די האָר אירע“...

— איך זאָג דען דאָס? — האָט זיך געלאָזט הערן קליינגעלטס קול, — אויב אַזוי, זייט מיר מוחל, הערט איר דאָך ניט, וואָס איך זאָג און איר רעדט גלאַט אין דער וועלט אַריין! אַ משל, דאַכט זיך, איך בין דען קעגן געזעלשאַפטליכע טוער?

— איז וואָס־זשע דען? וואָס־זשע דען? — האָט יידלמאַן נעשריגן — אדרבא, זאָג, לאָמיר הערן...

— וואָס דען זאָג איך? טענהט קליינגעלט, — איך זאָג אַזוי; ביי יעדן מענשן איז פאַראַן אַ פּעריאָד אין לעבן, אַזאַ צייט קומט אָן, אַז דער מענש... ע... ע... וויל... נו, וויל חתונה האָבן, האָבן קינדער, ע... איך מיין: לעבן אַ פּערזענליך לעבן.

— יידלמאַן פאַרשטעהט בשום אופן נישט: וואָס הייסט אַ פּערזענליך לעבן? זינט ער איז צום שכל געקומען, איז טובת הכלל... און שמואל האַלט אים אונטער:

— כאַווערשטיין איז גערעכט, דער פּראָלעטאַריער טאָר ניט פאַרגעסן די באַדינגונגען פון דער אינדוסטריע, אין וועלכע ער געפינט זיך דערווייל... דאַן האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן דער „פרייער ליבע“ אויך...

און אַבראַמזאָן איז געזעסן נעבן חוה בלומינס בעטל און האָט געלאַכט אין זיך פון אַלע די דאָזיגע אָפּפּאַסקערס מיט די פאַרשטאָפּטע געפיהלן און וואולגאַרן לעבן. אָט די אַלע, וואָס די געשלעכט־פראַגע ווערט ביי זיי פאַרענטפערט שוין דאָ איינפאַך, האָבן אַרויסגערופן ביי אים נאָר אַ געלעכטער. זיי ווילן אַריינ־

וואַרפן אין חרם דאָס הייליגטום פון דעם צוזאַמענבונד צווישן מענשן, וואָס פֿאַראייניגן זיך, צו באַזייטיגן אַלע נשמה־ריסן, געפינען אַ נייעם אינהאַלט פֿאַר זייער לעבן און אַרבעטן צוזאַמען. אויב דאָס פֿאַרדאָרבענע לעבן אין אייראָפּע פֿאַרשוועכט אויך די הייליגקייט פון חופה און קדושין און די צביעות און אויסגעלאַסנקייט האָט זיך פֿאַרשפּרייט אויף דער ערד, איז וואָס זשע פֿאַר אַ שייכות האָט צו דעם די פֿאַראייניגטע, האַרמאָנישע ליבע, וואָס שטייט העכער פון דעם אַלעם ?

און ער האָט זיינע פּראָסטע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט דער, וואָס איז געזעסן נעבן אים, מיט אַזאַ טאָן און מיט אַזעלכע רייד, וואָס נאָר אַזאַ ספּעציפישע שעה איז מסוגל געווען אַרויסצוברענגען זיי. אָן אַ שום כוונה איז זיין קול געווען עפּעס אַזוינער, ווי ער וואָלט שטילערהייד וואָס אויפדעקן, אויסזאָגן, גלייך ווי ער האָט זיך געקליבן זי אַריינברענגען אין דעם אוצר פון זיין וועלטבאַנעם. אַ לויטערער שמייכל האָט עטוואָס פֿאַררויטלט איר בלייכן פּנים און אַז ער האָט געענדיגט רעדן, האָט זי זיך אַ ביסל אויפגעהויבן אויף איר געלעגער און געזאָגט מיט איר גוטן און פֿאַרשייטן געלעכטער, אַז דאָס אַליץ, יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, איז פיין און גוט, דאָס איז די מיינונג פון אַן אמתן פּראָגרעסיסט, אָבער פֿאַרוואָס זאָל ער זיך ניט צוגעוועהנען אויסבינדן דעם האַלזטוך אויך אַביסל שענער ? און זי האָט אים געהייסן צובויגן דעם קאָפּ און מיט אירע וואַרימע גלאַטע הענט, וואָס האָבן אויסגעבונדן זיין האַלזטוך, זיך עטוואָס אָנגערירט אָן זיין ברוסט.

## יב.

חוה בלומין האָט באַקומען פון שלמה פרענקלען צוויי בריוו אין איין קאָנווערט: איינער צו איר און דער אַנדערער אַ קאָנווערט אין קאָנווערט „פאַר אַבראַמזאָנען". אינם בריוו צו איר בעט ער „זיין איינציגן פריינט אין דער וועלט" אים טון די געפעליגקייט און אָפּצוזוכן „זיין פריינט און לערער, דעם אויסדערוועהלטן צווישן טויזנטער, יעקב אַבראַמזאָנען, וועלכער האָט בעת ער איז געווען מיט אים, אַזוי פיל גוטס דערציילט וועגן איר", און אים איבערגעבן דאָס קליינע בריוול, וואָס ליגט דאָ פאַר איר. ער, פרענקל, וואָלט געשריבן דירעקט צו אים, צו אַבראַמזאָנען אַליין, און וואָלט ניט צוגענומען ביי איר, ביי יעווואַ איסאַקאָוונאַ, די טייערע צייט; ווייסט ער, אָבער, ניט דעם אַדרעס פון זיין פריינט און לערער. דער לעצטער האָט אים צוגעזאָגט שרייבן און ניט מקיים געווען זיין צוזאָג, און ער, פרענקל, „אַך, ער חלשט שוין פליהען, ווי אויף ווינטפליגלען אַהין, קיין א., און פאַרלאָזן דעם צ—דיגן זומפּ!"

בלומין האָט ניט פאַרהאַלטן דעם בריוו ביי זיך און נאָך דעם זעלבן טאָג איז זי געגאַנגען איבערגעבן פרענקלס שליחות אַבראַמזאָנען.

— אָ, איר קאַלטער און שטאָלצער מענש! — האָט זי אויסגערופן מיט איר לויטערן און קלינגענדיג קול צו אַבראַמזאָנען, וואָס האָט איר די טיר געעפנט, — אַ מענש באַהאַלט זיך און קיינער זעהט אים ניט. געקומען, אַרומגעוואַנדערט אין שטאָט — און זיך באַהאַלטן. שעמט זיך גאָר נישט אַפילו!.. אָבער איר זעהט, מיין פריינט, איך האָב אייך געפונען! מיר, פרויען, זיי־

נען אַ שטאַרק פּאָלק! נו, וואָס מאַכט איר עפּעס? וואָס? איך וויל זעהר וויסן אַלץ. גלייך זאָלט איר מיר אַלץ דערציילן... אָבער, וואָס איז דאָס? כאַ=כאַ=כאַ! — און זי האָט זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט, — ניט אומזיסט זאָגט מען דאָרט, אַז ער איז געריירט. זאָל דאָס נאָר זיין אַן אמת — און דאַן איז שוין אַלץ קלאָר... וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַניר צו זיצן?!

אויף דעם דיל פאַרן טיש איז געלעגן אַן אַלט בגד, און לויט די פּאַפּירן, וואָס זיינען געלעגן אויפן טיש, איז קענטיג געווען, אַז אַבראַמזאָן האָט נאָר וואָס איבערגעריסן זיין אַרבעט און אַז פאַר דעם איז ער געזעסן אויף די קני ביים טיש.

דער ליכטיגער און שעמעוודיגער קוק פונם „דאָזיגן מענשן, וואָס האָט אין זיך קיין בושה ניט“, האָט אויף אַ רגע אויפגעפלאַקערט מיט אַ טונקלען פלאַם איבער דער אריינגעקומענערם געזיכט.

— דער „אַרבעטס=טיש“, יעוואַ איסאַקאָוונאַ, איז אַ נידעריגער, דאָס בענקל אַ הויכס; אַרבעט איז פאַראַן אַ סך, און צו זיצן די גאַנצע צייט אַזוי, איז שווער, יעוואַ איסאַקאָוונאַ, דעריבער שטעלט ער זיך פון צייט צו צייט אויף די קני און שרייבט.

יעוואַ איסאַקאָוונאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם איינציגן בענקל אין צימער, וואָס איז, לערך, גאָר ניט געווען אַזוי הויך אין פאַרגלייך מיטן נידעריגן טיש, און אַבראַמזאָן האָט זיך געזעצט אויף זיין שלאָפבעטל און איז געווען צופרידן גלייך נעמען איבערלייענען פרענקעלס בריוו, „וואָס איז ניט געווען איבעריג פרעהליך, אָבער אויך ניט זעהר שלים“.

שלמה פרענקל האָט געשריבן „זיין געוועזענעם לערער“, אַז די „לאַגע“ איז נאָך אַלץ ניט בעסער געוואָרן און זיין פאָטער וויל נאָך אַלץ אים ניט אָפּלאָזן פון זיך. דאָך האָט ער, שלמה, ביי זיך געפועלט און באַשלאָסן קומען קיין א. אַפילו אָן אַ גראָשן, ווייל „ער פיהלט אַליין, אַז ער איז פעהיג, ניט ווייניגער ווי אַנדערע, זיך פלאָגן, אַבי זיך אַרויסרייסן פון דער פינסטערניש, פון דער גרוב אינם ליכט אַריין, אינם רוישיגן, שטורמישן לעבן, און ער איז זיכער, אַז אויך ער וועט געפינען דאָרט זיין אָרט“.

אַבראַמזאָן האָט גענומען איבערלעגן די ביכער אויף זיין טיש פון איין אָרט אויפן אַנדערן און זיך אַנטשולדיגן: אַזוי איז דאָס, אַזוי איז דאָס; די גאַנצע צייט איז ער פון שטוב ניט אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך פאַרשולדיגט פאַר זיך און פאַר פרעמדע. אַזוי איז עס, חוה, — די ווערטער האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין מויל, און ווי אַלע מאָל ביי אַ שטאַרקער אויפרעגונג, האָט ער זי גע־רופן נישט „יעווא איסאַקאָוונאַ", נאָר פּראָסט — חוה. נאָך מער: צוליב זיין אַרבעט האָט ער באַדאַרפט האָבן אַ בוך, פון איינעם פון אונזערע שרייבער, סמאָלענסקינען, און ער איז ניט געגאַנגען אין דער היגער ציוניסטישער ביבליאָטעק אים נעמען. אָבער היינט וועט ער גיין, ער וועט גיין אַהין, וועט אַריינגיין אויך צו שיינדילינסקין — און וועט אים אָנשרייבן, היינט וועט ער אים אָנשרייבן...

— איך רעכן, יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, אַז איר האָט זיך ניט וואָס אַזוי צו איילן, — האָט חוה ענדליך באַמערקט, איינקוקנדיג זיך אין אים די גאַנצע צייט מיט אַ מין נייגיר און שמייכל אויף די צונויפגעפּרעסטע ליפּן, — איך קאָן דאָך דאָס בחורל. וואָס וועט ער דען טון? איך קאָן אויך זיין פאָטער, און איך האָב מורא, אונזער העלד איז אַ ביסל מגזם, אַז דער פאָטער וועט אים ניט לאָזן פאָרן. ער וועט אים אָן שום ספק לאָזן, נאָר קיין שטיצע וועט ער אים ניט געבן — דאָס איז גראָד אמת: „ווילסט זיצן אין דער היים און עסן פונם גרייטן — פאַרוואָס ניט, זיץ און עס, אָבער נאָך געבן שטיצע..."

— ניין, ניין, חוה, — האָט אַבראַמזאָן ניט געלאָזט זי וויי־טער רעדן, — ער מוז קומען אַהער. ער וועט אויסוואַקסן אַ וויכטיגער מענטש. אמת, איצט איז מיין לאַגע אַ ביסל אַ שווערע, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס: פון הונגער וועלן מיר דאָ ניט שטאַרבן...

— ווער זאָגט, אַז איר וועט פון הונגער שטאַרבן? — האָט זיך בלומין פּלוצים צעלאַכט מיט איר גוטמוטיגן און קלוגן גע־לעכטער, — גענוג פאַר אייך, אַז איר וועט נאָר ליידן הונגער.

איך זאָג נאָר, אַז מע דאַרף זיך ניט אײַלן. יעדנפאַלס, ליגט דער חוב, אַבראַמזאָן, ניט נאָר אויף אײַך אַליין. איך האָב דאָך אויך דאָס רעכט אײַך מיטהעלפן (בלומין האָט אַ פאַרשעמענדיגן בליק געטאָן מיט אירע בלויע אויגן). איך וויל זיך פרוּאוון פריהער קריגן פאַר אים עפּעס אַ לעקציע. ער קאָן דאָך לייענען און שרייבן? יעדנפאַלס, וועט ער נאָך צייט האָבן, ווי איך האָב געזאָגט, צו הונגערן... כאַ, איר זעהט, דאָס דאָזיגע וואָרט גייט ניט אַראָפּ פון צונג ביי מיר!.. יאָ...— איר פּנים האָט זיך פּלוצים פאַרוואָלקענט און אירע לאַנגע ברעמען האָבן זיך אַ ביסל צונויפגעצויגן, — ער איז ניט איינער דאָ, יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן?... איך האָב היינטיגן ווינטער אַ מאַסע אוראָקן... איך האָב מורא, איך וועל ווערן אַ גבירנטע... אפשר, אַבראַמזאָן...

— יעווגאַ איסאַקאָווגאַ!.. — האָט אַבראַמזאָן איר איבערגעשלאָגן די רייד און די אויגן זיינע זיינען פינסטער געוואָרן.

— ס׳אַראַ שווערער מענש, וואָס איר זיינט!... — האָט זיך בלומין ניט אונטערגעגעבן, — איך פאַרדין דאָך מער, ווי איך באַדאַרף... און לעבן דאַרף מען דאָך...

„דער שווערער מענש" איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט, כדי זיך אַ ביסל דורכגיין איבערן צימער, נאָר תיכף האָט ער חרטה געקראָגן און איז ווידער געבליבן זיצן. — „לעבן" — יאָ, זי איז גערעכט, ער וויל זאָגן: אין זיין לעבן זיינען פאַראַן אַזעלכע מינוטן, אין וועלכע ער פאַסט אויף דעם אמת פון לעבן. און די מינוט, ווען דו זעהסט, אַז נעבן דיר איז דאָ אַ געטרייער פריינט, ער וויל זאָגן: דער עיקר, ער זעהט, ער איז שטאַרק צוגעבונדן צום ערדישן לעבן, זעהר צוגעבונדן, אַזוי איז עס, חוה, ניט וואָר? — האָט ער פּלוצים אַ זאָג געטאָן מיט אַ כיון, כדי איבערבייטן דעם שמועס. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן זיינע פאַפירן, וואָס זיינען געלעגן צעוואָרפן איבערן טיש און ער האָט צוגעגעבן, ווי זיך ווערטלענדיג: זאָל אונזער פרענקל זיך זיצן אין אונזער ציוניסטישער ביבליאָטעק, זאָל ער צוגרייטן און אויפציהען פאַר אים, פאַר אַבראַמזאָנען, אַ דור פון נייע לעזער פאַר

זיינע קומענדיגע אַרטיקלען. בלומין האָט גאָרניט געענטפערט דערויף. איבער די פענסטערשויבן אין דרויסן זיינען אַרומגע־פלויגן שנייעלאַך. זי האָט אומווילינג צורעכטגעמאַכט איר פרי־זור, האָט צעשפּילעט דעם קורצן ווינטערדיגן זשאַקעט, וואָס אויף איר, און איז געבליבן ווייטער זיצן שווייגנדיג. אַבראַמזאָן האָט זי געוואָלט אַ פרעג טון, פאַרוואָס טוט זי ניט אויס דעם זשאַקעט, זי וועט דאָך נאָך זיצן ביי אים און טיי טרינקען, ער האָט אויך געוואָלט זי פרעגן, וואָס מאַכט איר פאָטער אין צ., נאָר ער האָט געשוויגן און די שטילקייט איז נישט געשטערט געוואָרן, ביז בלו־מין האָט זיך ניט אָפּגעמונטערט און אַ זאָג געטאָן מיט אַ פריינט־ליכן און אַ פשרה־באַוועגונג, אַז אויב פרענקל איז געבוירן גע־וואָרן נאָר כדי צו גרייטן העברעאישע לעזער פאַר אַבראַמזאָנען — איז גלייכער, ער זאָל גאָר ניט געוועזן געבוירן ווערן. זי האָפט די קומענדיגע אַבראַמזאָנס אַרטיקלען וועלן זיין געשריבן אויף רוסיש!

— קיינמאָל נישט!

— נישט? פאַרוואָס? איז דען נישט פיל בעסער צו שרייבן אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור?

— דאָס הייסט: אויף רוסיש?

— נו, ווי די מעשה איז, מע דאַרף ניט לייקענען, אַז די וויר־קונג פון בוך איז דאָרט אַ גרעסערע, אַז די אוידיטאָריע פון דער רוסישער ליטעראַטור איז אַ פיל ברייטערע...

— אַ פיל ברייטערע? איז וואָס?...

— וואָס מיינט איר דערמיט?

— פשוט: וואָס קומט איר אַרויס, וואָס זי איז פיל ברייטער, אַז איך קאָן ניט רעדן צו איר.

— ניט אמת; איר ווילט ניט...

— אַלצאיינס, — האָט אַבראַמזאָן אומעטיג און ערנסט גע־זאָגט, — איך וויל ניט וועלן. בכלל, לאָמיר, יעווגאַ איסאַקאָווגאַ, רעדן פון עפּעס אַנדערש: מיר האָבן שוין פון דעם ניט איינמאָל גערעדט. יאָ, זאָל זיין אַזוי. זאָל זיין, יעווגאַ איסאַקאָווגאַ, אַז

דאָס, וואָס איך שרייב (הגם דאָס איז ניט אַזוי), אָבער לאָמיר רעכענען, אַז איך וואָלט געקאָנט אָנשרייבן עפּעס וויכטיגס אויך פאַר די רוסן און אַז מע וואָלט מיך אַפילו צוגעלאָזט צו די אַלגע־מיינע זשורנאַלן (יידישע זשורנאַליסטן זיינען, ברוך השם, פאַראַן אַ סך אין אַלע ליטעראַטורן), אָדער, לאָמיר זאָגן, איך וואָלט אָנ־געשריבן מיין אַרטיקל „וועגן דער העברעאישער שאַפונג“ אויף רו־סיש, און וואָלט אים אָפּגעדרוקט אין דער יידיש־רוסישער ליטע־ראַטור — גוט. איצט, למשל, האָב איך כּלל ניט קיין לעזער — איך האָב מיך אַליין אויסגערעדט, יעווגעניע איסאַקאָוונאַ — יאָ, איך מוז זאָגן דעם אמת: איצט האָב איך כּלל ניט קיין לעזער, און הגם זיי וואָלטן דעמאָלט אויך ניט געווען (ס'איז דאָך באַקאַנט, אַז די יידיש־רוסישע ליטעראַטור האָט אויך קיין לעזער ניט), אָבער צום ווייניגסטן, איז פאַראַן אַ מעגליכקייט זיי זאָלן זיין: אַ שפּראַך, וואָס מע רעדט אויף איר און וואָס מע פאַרשטייט זי. גוט: יעווגעניע איסאַקאָוונאַ, בין איך זיכער, לייענט איצט ניט די „זאַריאַ“ און „בודושטשנאָסט“ און זייערע אַלמאַנאַכן, אָבער מיין אַרטיקל וואָלט זי אויף געוויס אויפגעזוכט און איבערגעלייענט. אַזוי איז עס, אַזוי איז עס, למאי זאָל איך עס אָפּלייקענען! דאָס וואָלט טאַקע געווען זעהר וויכטיג פאַר מיר. גוט. אַליין איז רעכט. אָבער די דאָזיגע פראַגע איז מיר בכלל משונהדיג — איז אַבראַמ־זאָן פּלוצים אויפגערייצט געוואָרן, — איך בין אַ העברעער און איך שרייב העברעאיש פאַר די העברעער!

בלומין האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — אַך, ס'אַ קרומע זאַך: העב־רע־איש פאַר העב־רע־ער. און דאָס, וואָס ער האָט איר צוגעזאָגט — ער האָט פאַרגעסן? און דאָס, וואָס ער האָט איר צוגעזאָגט צוריק מיט אַ פּאָר חדשים וועגן זיינע קומענדיגע שריפטן פאַרן פּראָלעטאַריאַט?

— איך בין דעמאָלט, יעווגעניע איסאַקאָוונאַ, ניט געווען קיין אַנ־דערער, — איז אַבראַמזאָנען שווער געווען צו ענטפערן, — איך בין תּמיד זיך געטריי, און דעמאָלט, דעמאָלט איז מיין שטימונג געווען אַן אַנדערע... דעמאָלט בין איך אינגאַנצן געווען פאַר־

גומען מיט די אינטערעסן פון אונזערע אַרבעטער, איך האָב אַלץ געשטעלט אויף דער אַרבעטער־פראַגע, גלייך ווי מיר וואָלטן זיין אַ פאָלק פון לויטער אַרבעטער, און ניט קיין פאָלק קרעמער, וואָס שטאַרבן פון הונגער... אַזוי צי אַזוי: דער עיקר איז געווען — אָרגאַניזאַציע און שטרייק... דעריבער, דעריבער, ווי איז עס מעגליך, ווי מעג מען עס שרייבן אויף אַ שפּראַך, וואָס די אַרבעטער, די זאַלץ פון דער ערד פאַרשטייט ניט...

— און איצט — האָט בלומין אים אומגעדולדיג איבערגעשלאָגן — איך וויל וויסן... און וואָס איצט?

— איצט? — האָט אַבראַמזאָן געענטפערט מיט אַ מין פאַרשטיקטן אינעווייניגסטן און אויפגערעגטן געלעכטער, — אָבער וואָס האָט זיך יעוואַ איסאַקאָוונאַ אַזוי דערשראָקן, ס'איז אַ פּחד אין די אויגן! באַרוהיגט זיך, חוה. איצט... בין איך דער זעלבער, וואָס געווען, דער זעלבער מענש, נאָר אַ ביסל מער באַפרייט פון דעם פּחד פאַר אַרבעטער און ווער שוין ניט בטל ביי זיך פאַר זיי. וואָס איז אַזוינס אַרבעטער? איך בין אויך ניט קיין פריץ, קיין ליידיגגייער. דער דרוק איז שרעקליך? די לאַגע זייערע איז מוראדיג? זייער בלוט שרייט פון דער ערד? יאָ, שרייט, אָבער ניט צו מיר. איך בין שוין לאַנג אַוועק פון אַלע פאַרטייען, איך וועל שוין מער ניט זיין קיין קאָכלעפל און פאָנענטרעגער. מיך באַשעפטיגן איצט, אָ, אַנדערע אינטערעסן, לגמרי אַנדערע, און איך האַלט, אַז „דאָס אַלץ", וואָס האָט דאָך פאַר זיך אַ געוויסן ווערט, — איז גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס איך באַגער. מע דאַרף ניט פויקן אין די טאַצן: דער פערטער שטאַנד, דער פערטער שטאַנד, — נידעריגקייט איז אייביג נידעריגקייט. איבעריגנס, כאַווערשטיין לעבט נאָך? וואָס מאַכט ער? איך האָב זיך איצט... דערמאָנט, וואָס ער פלעגט זאָגן. דער משכּיל, וואָס קוקט אויף דעם המון פון דער הייך — וועט סוף כּל סוף זיין צווישן די אָפּגעשטאַנענע! פע, ס'איז אַ טייוול! ער שרעקט מיך מיט אַ גוואַלדיגער סכּנה! איך זוך דאָך ניט קיין קאַריערע, און וויל ניט זיין גענעראַל. איך האָב איצט צו טון

נאָר מיט מיין נאַציע, וואָס איך באַגער איר באַפרייאונג און וועל רעדן אויף איר שפּראַך, הגם דער המון רעדט ניט אויף איר. די שפּראַך פון מיין נשמה, דאָס בעסטע אין מיין גוטס — דאָס...

— משונה, — האָט בלומין אַרויסגערעדט איין וואָרט.

— ...איך בין געווען אַ פאָלקסקעמפער, אַ „נאַראָדניק“, — האָט אַבראַמזאָן געטענהט ווייטער, גלייך ווי ער האָט נאָרנישט גע־הערט, וואָס זי האָט געזאָגט, — און איצט בין איך אַ נאַציאָנאַ־ליסט, אַ נאַציאָנאַליסט, פאַרשטייט זיך, דאָס הייסט: די נאַציע...

— משונה־מאָדנע!..

אַבראַמזאָן איז מיט אַמאָל בלייך געוואָרן. דאָס האַרץ האָט אין אים פלוצים אויפגעבראַזט, האָט זך צוזאַמענגעצויגן און אַ פאַרביטערטער איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. ס'האָט אים שטאַרק געקלאַפּט אין די שלייפן, און די שטילקייט האָט, דאַכט זיך, אַזוי לאַנג זיך געצויגן.

און אין איינינגע מינוט אַרום האָט אַבראַמזאָן אָנגעהויבן רעדן וועגן דאַווידאָווסקין. בלומין האָט געזאָגט, זי קאָן אים ווייניג, זי האָט אים „בסך הכל“ געזעהן עטליכע מאָל צווישן מענשן, און יעדער מאָל האָט ער געשוויגן, גלייך ער וואָלט וואַסער אין מויל אַריינגענומען. כאַווערשטיין זאָגט, אַז אַזעלכע מענשן זיינען אַ פּראָדוקט פון דער רוסישער אינדוסטריעלער לאַגע: דער קאַ־פּיטאַליסטישער אינדוסטריעלער „טעמפּ“ אין רוסלאַנד איז נאָך ניט גענוג שטורמיש און קנאַקנדיג, ווי אין אייראָפּע, דעריבער איז דאָ פאַראַן אַ גרויסער פּראָצענט „אָבלאָמאָווצעס“, פוילע און ניט קיין ענערגישע מענשן...

און אַבראַמזאָן האָט גענומען רעדן מיט געפיהל וועגן דאַווי־דאָווסקין „דעם שענעם מענשן“, וואָס איז ווערט, אַז יעווזאַ אי־סאַקאָווגאַ זאָל זיך מיט אים נעהענטער באַקענען. וועגן אוריאלס קוק, וואָס ווי נאָר ער פאַלט אויף עמעם — אַזוי ווערט דאָס תיכף צעפלאָסן און בטל און פאַרלירט זיין ווערט, וועגן דעם אויפ־פאַסן זיינעם און טיפן זעהן דעם גאַנצן טראַגיזם, וואָס אין יעדער זאַך, און וועגן זיין ניט פאַרשטעהן יידישקייט און זיין ניט זעהן

איר טראַגעדיע. דאַווידאָווסקי זעהט ניט קיין שום שענקייט אין דער דאָזיגער גרויסער און שרעקליכער טראַגעדיע, וואָס האָט ניט איר גלייכן. דאָס יידישקייט רופט אַרויס אין אים פֿיינטשאַפֿט און פֿאַראַכטונג. ער זעהט אין איר מער ניט ווי אַ מיטעלע וועלטאָנשויאונג, וואָס האָט זיך ניט אויפֿגעהויבן העכער פֿון דער ערד און וואָס האָט נישט ניט די אינדישע טיפֿקייט און ניט די גריכישע טראָפּישע שענקייט. יאָ, — האָט אַבראַמזאָן געטענהט, — דאָס היסטאָרישע יידישקייט שטייט אויף דער ערד, אָבער ניט ווייל עס האָט זיך ניט דערהויבן...

אויף יעוואַ איסאַקאָווניאַס ליפּן האָט די גאַנצע צייט געשוועבט אַ פֿאַרוואונדערונג. אמת, זי האָט זיך שוין לאַנג אין אַ געווייכער מאָס געפֿונען אונטער דער ווירקונג פֿון אַבראַמזאָנס געזעלשאַפֿט און אונטער זיינע רייד, וואָס ער האָט אַלע מאָל גערעדט צו איר, און זי האָט, ווי די איבעריגע אירע חברטעס, ניט געהאַלטן די יידישע לאַגע פֿאַר אַ בעסערע, ווי די לאַגע פֿון די רוסישע אַרבעטער און פּויערים. אָבער — ט ר אַ ג ע ד י ע ? צי דען ווייל די יידישע לאַגע איז אַ שלעכטע, און זאָל זיין אפֿילו אַן ערגערע, ווי ביי אַלעמען אין לאַנד, זאָלן מיר דערפֿאַר פֿאַרראַטן דעם אַלגעמיינעם אידעאַל ? און צי וועלן מיר דען אייביג דאָ זיין פֿרעמדע ? די רוסישע געזעלשאַפֿט פּראָגרעסירט דאָך, דאָס האָט מען נאָר ביים באַאַמטן ניקאָלאַי פּעטראָוו איר אָפּגעזאָגט דעם „אוראָק“ מיט אַן אויסרייד, „מיר דאַרפֿן, מאַדמואַזעל, האָבן אויסער פֿראַנצויזיש נאָך אַ לערער פֿאַר „זאַקאָן באָזשי“, דאָס איז דאָך טאַקע זאַקאָן באָזשי — הייסט עס, אַ קאָנסערוואַטיווע פֿאַמיליע. און אַ געשטעלטער מענש באַדאַרף באַזיגן אָט די אַלע ניט אַנגענעמע זאַכן. דאָרט איז דאָך אַ באַ אַ מ ט ע ר, אָבער די בעסטע רוסישע מענשן... און גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש פּעטראָוו אַליין — אַ זון טאַקע פֿון דער זעלבער פֿאַמיליע — איז אַ גענוגער באַווייז דערצו.

און דערמאָנענדיג גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטשן, אָט דעם דאָזיגן יונגן, פֿרישן, שטאַלטנעם מאַן, וואָס מע האָט אים אַרויסגעטריבן

פון אוניווערסיטעט אויף עטליכע יאָר, האָט זיך יעוואַ איסאַ־קאָווינאַ פון זיך פאַרגלוסט אָנטאָן עפּעס אַן אָנגענעמעס אַבראַמאָ־זאָנען, און זי האָט אים אַ בעט געטאָן איר איבערלייענען זיין אַרטיקל. יידלמאַן רעדט די גאַנצע צייט, אַז אַבראַמאָזאָן האָט אָפּגעדרוקט עפּעס אַן אַרטיקל וועגן חסידיזם, דאַכט זיך, אין עפּעס אַ זשורנאַל, וואָס גייט אַרויס אין דער אַלטער, העברעאישער שפּראַך. זיינען טאַקע דאָ אַזעלכע זשורנאַלן? דאָס איז דאָך ניט זשאַרגאָן? הגם פאַר איר איז דאָס אַלצאיינס. זי פאַרשטייט קיין זשאַרגאָן אויך ניט. זאָל ער, אַבראַמאָזאָן, איר דאָס טון און איבערלייענען דעם אַרטיקל אין רוסישער איבערזעצונג.

אַבראַמאָזאָנס פּנים האָט זיך גליקליך פאַררויטלט, נאָר באַלד איז אים די פאַרב אַראָפּ פונם פּנים — און אַבראַמאָזאָן האָט אויסגעקליבן פאַר בעסער אָפּצולייגן דאָס דאָזיגע לייענען אויף אַן אַנדער מער פּאַסנדע צייט. פאַרלירנדיג זיך אַ רגע, האָט ער געזאָגט: דאָס אַרטיקל קאָן ניט אינטערעסירן יעוואַ איסאַקאָווי־נען. דער דאָזיגער אַרטיקל איז כּמעט אַ ספּעציעלער, וואָס באַ־מיהט זיך אויפצודעקן די פּאָעזיע, וואָס אין די חסידישע ביכער, — אַזאַ מין שטרעמונג איז געווען אינם לעבן און אין דער ליטע־ראַטור ביי די יידן אין אַכטצעהנטן יאָרהונדערט,—און איר ווירקונג אויף די יונגע שרייבער. אָבער זאָל זיך יעוואַ איסאַקאָווּנאַ פאָר־שטעלן אַ ווייל, אַז זי איז ניט קיין רוסישע, אָדער ריכטיגער: זאָל זי זיך פאָרשטעלן, אַז די רוסישע ליטעראַטור איז איר אינגאַנצן פרעמד — צי וואָלטן דען דעמאָלט זי געקאָנט אינטערעסירן, צום ביישפּיל, דאָבראָליובאָווס אַרטיקלען וועגן דער ליטעראַטור אין יעקאַטערינאַס צייטן? און בכלל וועט אים איצט זיין שווער צו־לייענען און פאַרטייטשן: ס'וועט ניט בלייבן קיין סימן פונם כאַ־ראַקטער פון זיין באַזונדערן סטיל. און בכלל, וויל ער ניט לייע־נען קיין אייגענע זאַכן. אויב זי וויל — איז ער גרייט איבער־לייענען פאַר איר אַ קליינע דערציילונג וועגן אַ מיידל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דעם זעלבן העפט, וואו זיין אַרטיקל איז אָפּגע־דרוקט.

— ווען אַ מיידל? — האָט בלומין פאַרשעמדיג אַ קוק גע־געבן אויף אים, — און וואָס איז דער אינהאַלט?

— דער אינהאַלט פון דער דערציילונג... זי האָט ניט קיין שום אינהאַלט: אונזער נייע ליטעראַטור האַלט בכלל ערשט אין זוכן אַן אינהאַלט, כ'מיין: דער אינהאַלט פון דער דערציילונג — אַ יידיש מיידל, ניין, אַ מיידל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ יידישע און האָט געאַרבעט צווישן רוסן אין די זיבעציגער יאָרן, און דער עיקר, נאָכן פּאָגראָם אין...

— אין די אַכטציגער יאָרן איז זי געוואָרן אַ ציוניסטין? — האָט בלומין אַ זאָג געטאָן מיט איראָניע און אַנטוישונג, — און איך האָב געמיינט... ניין, איך האָב געוואוסט.

אַבראַמזאָן איז געוואָרן אומעטיג. ניין, דער אַווטאָר פון דער דאָזיגער דערציילונג, חוץ דעם, וואָס ער האָט אַ גרויסן טאַלאַנט, איז ער נאָך אַ מענש מיט פאַרשטאַנד און וועט אַזאַ פעלער ניט טון: דער ציוניזם זיינער, אַבראַמזאָנס, און דעם דאָזיגן בעלע־טריסטס און נאָך אַזעלכע נעמט זיך ניט נאָר פון יידישע צרות. ווען אַפילו זיי זאָלן וויסן און גלויבן, אַז די יידן וועלן זיך איינאָר־דענען סוף כל סוף אין די גלות־לענדער, וואָלטן זיי אַפילו דע־מאָלט... אַפילו דעמאָלט... אָדער, ניין, ריכטיגער: ערשט דעמאָלט וואָלטן זיי געפילט ווי דער ציוניזם איז נויטיג. די, וואָס האָפן, נאַרן זיך, אמת, אָפּ אינם פעסטן באָדן, וואָס אונטער זייערע פיס. זיי, אַבראַמזאָן מיט זיינע חברים, זעהען אפשר אַנדערש פון די, וואָס האָפן, נאָר איבעריגנס, העלפט די האָפענונג אויך ניט זייער שווערן געמיט. פאַר זיי איז ניטאָ קיין שרעקליכערס פונם געדאַנק, אַז די יידן וועלן ניט אויסגעלייזט ווערן, זייערע טעג וועלן זיך ניט באַנייען, און „פראַווועס" וועלן זיי ניט באַקומען, אָדער וועלן יאָ באַקומען, און מיט די גויים וועלן זיי זיך אַסימילירן און קיין זכר וועט ניט בלייבן פון זיי... יאָ! יענס מיידל איז ניט געוואָרן קיין ציוניסטין: ניט געווען קיין שטאָף דערויף. אין דער דאָזיגער קליינער דערציילונג איז ניטאָ קיין שום טענדעניץ, פראָסט: די געפיהלן פון אָט אַזעלכער.

אינדעראמתן האָט דיווירקליכקייט ניט געגעבן אַפילו קיין שטאָף פאַר אַזעלכע געפיהלן: צו זייער אָדער אונזער חרפּה, אָדער צו אונזער אומגליק, האָבן יענע מיידלאַך און יונגע לייט ניט געהאַט אַ ז ע ל כ ע געפיהלן... אָבער דאָ ווערט געשילדערט ניט דאָס, וואָס איז אינדעראמתן געווען, נאָר וועדליג דאָס וואָלט באַדאַרפט זיין...

יעווא איסאַקאָוונאַ האָט ניט געוואָלט הערן די דערציילונג. שוין צייט צו גיין. און וואָס איז נוגע פּאָגראָמען... וואָס... די סיבה זייערע איז באַקאַנט. פּעטראָוו, למשל, עסט זיך דאָס האַרץ אָפּ וועגן זיי, ווי יעדער אָרענטליכער ייד.

בלומין האָט דאָס געזאָגט שוין שטייענדיג אויף דער שוועל פון צימער און די דאָזיגע קליינע באַמערקונג האָט אויפגעקאָכט אַבראַמזאָנען. ווידער אַמאָל! ער שטעלט ניט אַרויס דער עיקר די יידישע צרות, וואָס נעמען זיך פון דער פעלקער-שנאה: ער האָט אַן אַנדער אָרט. אָבער בנוגע יענער ערשיינונג, וואָס יע־דער מענש וואָלט, דערמאָנענדיג זיך אָן איר, געדאַרפט אַראָפּ פון זינען, בנוגע צו אייביגע פּאָגראָמען אויף דעם אייביגן פאָלק — ווי אַזוי קאָן מען וועגן דעם זאָגן, אַז אַ גויאיש האַרץ וועהטאָגט דערויף באַגלייך מיט אַבראַמזאָנס האַרץ, וואָס וועה־טאָגט אויף זיין פאָלקס אומגליק?

און אַבראַמזאָן האָט זיך דערמאָנט די געוויסע באַציהונג פון געוויסע מענשן צו די פּאָגראָמען אין די אַכטציגער יאָרן. דאָס רוב זייערס האָט זיך באַצויגן צו דער דאָזיגער ערשיינונג ווי צו אַ מאַסן-אויפשטאַנד אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך זיין יאָך; ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז צווישן די דאָזיגע געוויסע מענשן זיינען געווען אַ סך, וואָס דער „יאָך פון זיינע עלטערן“ איז אַראָפּגע־נומען געוואָרן פון זיי. זיין אויפגערעגט פּנים האָט זיך פּלוצים קאָנוואולסיוו פאַרקרימט און ער האָט ניט מיט זיין קול אַ זאָג געטאָן צו בלומינען:

— יעווא איסאַקאָוונאַ, פּעטראָוו גלויבט ניט אין בלוט-בלבול?

יעווא איסאַקאָוונאַ האָט זיך אומגעקערט פון שוועל און פאַר־מאַכט מיט איר קליינער האַנט אַבראַמזאָנען דאָס מויל.

— איר טוט עס, צום באַדויערן, זעהר לייד. איצט, ווען גאַנץ רוסלאַנד וואַרט אויף אַ ניי לעבן...

אַבראַמזאָן האָט אפילו ניט געפיהלט דעם באַריר פון איר קליינער האַנט. יאָ, אי ער, אי בלומין, ביידע זיינען זיי גוטע מענשן, נאָר די וועגן זייערע זיינען פאַרשיידן...

בלומין האָט זיך אָפּגעקערט פון אים, אַ צוק געגעבן מיט די אַקסלען און איז אַוועקגעגאַנגען.

## יג.

דוד יחיאלס שיינדילינסקי אַ ליטעראַט אַ סוחר, אַ ייד בײַ פופציג, אַ שטאַלטנער, אַ פאַרמעגליכער, מיט אַ גרויסער געדיכטער באָרד, אַן אָפּגעבאַלעוועטער, מיט אַ פליך אויפן קאָפּ, האָט ניט געוואָלט אָננעמען אַבראַמזאָנס פאָרשלאַג אַוועקצוזעצן אין ביבליאָטעק פרענקלען, עפעס אַן אומבאַקאַנטן בחור, וואָס איז דערווייל ניט הי און וואָס דאַרף ערשט קומען אַהער. דערפאַר האָט ער פון זייט פאָרגעלעגט אַבראַמזאָנען, אפשר וועט ער אַליין וועלן פאַרנעמען די דאָזיגע שטעלע: קיין גרויס געהאַלט קאָן די „אגודה“ אפילו ניט צאָלן, ווייל זינט דוד בן ישי איז אַ ביסל אַלט געוואָרן און האָט אויפגעהערט אַזוי צו אַרבעטן פאַר איר, ווי אַמאָל, — איז די „אגודה“ שטאַרק געפאַלן און פאַראָרימט געוואָרן. אָבער דאָס, פאַרקערט, פאָדערט טאַקע, אַז ס'זאָלן איצט קומען די יונגע און פאַרנעמען דאָס פרייע אָרט מיט זייער אידעאַליזם. אַבראַמזאָן האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד און מסכים געווען אויף זיין פאָרשלאָג. און נאָך דעם זעלבן טאָג, אויפן סמך פון די צעהן רובל געהאַלט אויף זיין נייער שטעלע, האָט ער אָנגעשריבן פרענקלען, ער זאָל קומען קיין א.

אין די דאָזיגע טעג, זינט אַבראַמזאָן איז געקומען פון צ., דער עיקר אין דער שעה, ווען ער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט זיין ליטעראַרישער אַרבעט, פלעגט טרעפן, אַז עפעס אַ געוויסע שטימונג פלעגט אים באַהערשן און שרעקן. דער דאָזיגער נשמה־צושטאַנד איז אַ ביסל ענליך געווען צו יענעם, וואָס ער האָט געפידלט מיט אַ יאָר צוריק, ווען ער האָט זיך אַלס „לגאָטניק“ איינגאַנצן באַפרייט פון מיליטערדינסט. עפעס איז ער מיט אַמאָל

געפֿאַלן בײַ זיך: פֿאַר דעם איז ער געװען באַשעפּטיגט נאָר מיט דעם גליק באַפֿרײַט צו װערן; אים האָט זיך געדאַכט: גיט זיך אים נאָר אײַן צו באַפֿרײַען זיך — דאַרף ער שױן מער גאָרניט, אַפֿילו קײן אײן רגע װעט דעמאָלט מער בײַ אים ניט גײן פֿאַרלױרן און זײַן לעבן װעט זײַן פֿול און גאַנץ ביז דער העכ־סטער מדרגה. און באַלד נאָך דעם, װי ער האָט זיך באַפֿרײַט, נאָך דעם, װי ס׳איז אַריבער די ערשטע פֿרײד זיך צו פֿיהלן פֿרײַ און טון, װאָס דאָס האַרץ גלוסט, איז געקומען יענע טרױעריגע זאַך. אמת, ער האָט געמעגט פֿרײַ טון אַליץ און ער האָט טאַקע אַליץ געטאָן, נאָר עפּעס אַ פֿינטל איז געשװאָומען און פֿאַרנעפּלט זײַן האַרץ: סוף כּל סוף איז עס פֿאָרט ניט דאָס. דאָס לעבן איז געבליבן װי געװען, װי געװען...

איצט איז דאָס פֿינטל געװען: װאָס װעט זײַן? די צײַט גײט אַװעק, די טעג ציהען זיך, ער לעבט, די װעלט איז זיך אַ װעלט, דאָס שיף טרינקט זיך אין ים — װאָס װעט זײַן?

װאָס װעט זײַן?

ס׳איז געװען נאָר אַ פֿינטל... און פֿון יענעם טאָג אָן, זינט חוה בלומין איז געװען בײַ אים, — געקומען און אַװעק, — איז דאָס פֿינטל געװאָרן נאָך מער באַהערשנדיג; אָט צעפּליסט עס אױף אַ רגע, אָבער אָט האָט עס זיך װידער באַװיזן און פֿאַר־שאַפֿט אים אומענדליכע װעהטאָגן...

— איצט װעט זיך אַנטפּלעקן אַ נײַ לעבן! — האָט אַבראַמ־זאָן פֿרעהליך געטראַכט, זיך אומקערנדיג אַהײם פֿון שײנדיליני־סקין. פֿאַלט בײַ זיך ניט אַראָפּ! פֿרעהליכע, זינגענדיגע, — האָט זיך ציטירט אין אים. — ער װעט שױן אַליץ טון. זאָל טאַקע שלמה קומען, זײ װעלן לעבן צוזאַמען. ער װעט צונױפֿזאַמלען אַרום זיך אַ קרײַזל גוטע מענשן — און װעט זײ אַנטפּלעקן גאָטס װאָרט... דאָס װעט זײַן אַ פֿול לעבן — ער װעט טון אַליץ, װאָס ער װעט זײַן אין שטאַנד. װאָס פֿאַר אַן ערליכע און זײדענע נאַטור איז זלמן, װאָס האָט אָנגעהױבן אַרײַנצוקומען צו אים. גלײַך קענטיג, אַז דעמס עלטערן זײַנען געשטאַנען אױפֿן

באַרג סיני. ס'איז נישטאָ וואָס צו דאגהן, ניין. מיר וועלן נאָך האָבן ערפאָלג, זיי גרייט!

זלמן ריוועקעש דער פאַרבער האָט זיך טאַקע צוגעבונדן די לעצטע טעג צו אַבראַמזאָנען און אים ליב געקראָגן ווי אן אייגענעם ברודער. פאַר זלמנען איז ער געווען אַ לערער און וועגווייזער אין לעבן, אַ מענש, פאַר וועמען ער קאָן אויסגיסן זיין האַרץ און פרעגן אן עצה ביי אים. אין די פרייע שעה'ן פלעגט ער קומען צו אים, אויסדערציילן פאַר אים אַלע זיינע פעלערן, אויסגעדריקט זיין צער איבער דער אומפולקומענקייט פון אַנדערע און זיך טיילן מיט אים מיט די שטיקלאך פאַקטן און איינדרוקן, וואָס קומען פאָר אינם „לעבן" אַרום. צומאָל פלעגט זלמן ברענגען און דורכלייענען פאַר אַבראַמזאָנען זיינע „געדאַנקען", געשריבענע אויף יידיש, וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר ביי יידן, ס'רוב שטראָפרייד, אָדער האָט אין זיי אויסגערעדט זיין האַרץ, וואָס האָט זיך שטענדיג געוואַקלט. זלמן פלעגט אויסהערן שטיל און מיט טרויעריגער ליבשאַפט אַבראַמזאָנס, זיין איינציגן לעזערס, שטרענגן משפט וועגן דעם סטיל און ליטעראַרישן ווערט פון די דאָזיגע שריפטן. אַבראַמזאָן פלעגט אים מיט ליבע און באריכות דערקלערן, אַז אים אינטערעסירן זעהר די דאָזיגע שריפטן, אַז ער זעהט אין זיי דאָס פיהלנדע און דענקענדע האַרץ פונם אויטאָר, נאָר פאַרן זשאַרגאָנישן „ייד", פאַר וועמען זלמן וויל עס אָפדרוקן, טויגן זיי ניט.

זלמן איז אַ בחור פון אַ יאָר פינף און צוואַנציג, פון מיטעלן וואוקס, א קרענקליכער, מיט אַ מאָגערן פאַרגרעבטן פנים, וואָס האָט אויסגעזעהן מיטן ברייטן שטערן און ברייטן קינבערדל פון ביידע עקן, און מיט די איינגעפאַלענע באַקן, ווי א האַלבע לבנה־ראָד. דער דאָזיגער פנים האָט שטענדיג אויסגעדריקט אַ מסירת נפש, אַ גרייטקייט צו טון גוטס און אַ מין באַזונדערע קרענקליכקייט. זיין איבערשטער האַלבער גוף, וואָס איז שטענדיג געווען אָנגעבויגן, האָט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך דער דאָזיגער זלמן האָט זיך ערגעץ אַ בויג געטאָן פאָרויס און שלעפט מיט זיך מיט אַ

שווערן וואָגן. זיין פּאַרדינסט האָט ער קיינמאָל ניט געהאַלטן פאַר זיינעם. סיי שבת סיי אינדערוואָכן האָט ער געטראָגן פאַר־לאַטעטע קליידער, אויסגעשמירטע אין פאַרבשפורן פון זיין אַר־בעט. און אַז אַבראַמזאָן האָט געקוקט אויף אים מיט אַן אָפענער ליבשאַפט און אים געלויבט אין די אויגן, פלעגט זיין האַרטער און גרויער פּנים זיך פאַררויטלען און פאַרשעמען ווי ביי אַ זי־בעצעניאָריג מיידל.

אַבראַמזאָן האָט תּמיד אויפמערקזאַם אויסגעהערט זלמנען, אפילו יענע רייד, וואָס האָבן אויסגעזעהן, אין פלוג, פאַר ניט וויכטיגע: דאָס ריינע שוואַכע קול ביי דעם דאָזיגן מענשן, אַ קול, וואָס גייט אַרויס פון טיפן ריינעם האַרצן, פלעגט מאַכן אין אַבראַמ־זאָנס אויגן אויך די קליינינקייט פאַר וויכטיג. אין דער פאַרפלאָנ־טערטער שפראַך פון אַ פאָלקסמענש, וואָס לעבט אין סאַמע געדיכטעניש פון דער מאַסע און וואָס זעהט אַליץ, פלעגט ער אי־בערגעבן אַבראַמזאָנען זיינע איינדריקן וועגן דעם דלות, וועגן דעם יידישן קראַנקן גייסט און יידישער צעטומלטקייט. און איינ־צייטיג פלעגט ער זיך אויך קלאָגן פאַר אים אויף זיין שוועדער קרענק, וואָס צווינגט אים וואוינען ביי זיין ברודער יצחקן, און אַז ער האָט קיין כּוח ניט איבערצוטראָגן זיין ברודערס צבועצטווע. ער, זלמן, האַלט, אַז אן אמתער ציוניסט מעג זיין אַ חבר נאָר אין דער אגודה „פועלי־ציון״, וואָס אויך ער איז אירער אַ מיט־גליד. וואָרן, זאָלן מיר אָבער דערלאָזן, אַז אויך אַנדערע „אגודות״ זיינען ציוניסטישע — איז יצחק, זיין ברודער, אַ מיטגליד אין דער אגודה „דורשי ציון״, אין דער אגודה „מזרחי״, און קיין גרע־סערער סקאַנדאַל פון דעם קאָן ניט זיין אין דער וועלט. יצחק איז דאָך ניט קיין פרומער. לעגט קיין תּפילין ניט און רויכערט אום שבת...

— אָפן? — וואַרפט אַבראַמזאָן אונטער אומיסטן מיט פאַרגע־ניגן זיין רעפּליק, כּדי ס׳זאָל זיך ציהען ווייטער דער שמועס און זיינע אויגן גראָבן זיך איין אין דעם דאָזיגן ריינעם און נאַאיוון באַשעפעניש, וואָס זיצט פאַר אים.

— אָט, דאָס רעדט מען דאָך, — ענטפערט זלמן פאַרצערט און מיט אַ טיפער ערנסטקייט — אָט דאָס רעדט מען דאָך, אַבּ־ראַמזאָן. וואָלט ער רויכערן אָפן פאַר אַלעמען, וואָלט מיך ניט געאַרט. אָבער ער רויכערט דאָך, אַז קיינער זעהט ניט, ווי אַ גנב אין אַ באַהעלטעניש.

אין זלמנס גייסטיגן לעבן האָט געטראָפן דער היפך, וואָס טרעפט געוועהנליך מיט זיין גלייכנס יידישע אַרבעטער — יונגע אידעאַליסטן. די דאָזיגע זיינען אין אָנהויב צוגעבונדן צו זייער סביבה, זיינען ניט ווייט פון ציוניזם, און ערשט שפּעטער גייען זיי אַוועק, ווער־וואוהין. און זלמן, פאַרקערט, האָט צו דרייצעהן יאָר שוין געהאַט אַ נייגונג צו אידעען, צו פופצעהן יאָר איז ער געוואָרן אַ „בונדיסט" — און אין די לעצטע יאָר איז ער אַרי־בער פון דאָרטן אַהער.

זלמן איז אַריבער פון דאָרטן אַהער. און פאַראַיאָרן אין די לאַנגע גלות־הייסע זומער־טעג, נאָך אַ שווערער זעכצעהנשעה־דיגער אַרבעט אויף דער היץ, פלעגט ער קומען צו אַבראַמזאָנען לערנען העברעאיש, — די דאָזיגע שפּראַך, „וואָס איז שוין אויך געווים אונזערס", און וואָס האָט זיך אים, ליידער, זעהר שווער געגעבן. אַבראַמזאָן האָט אין אָנהויב געלעגט גרויסע האָפענונ־גען אויף זלמנס קינדערשע למודים. ער האָט זיך אַמאָל געלערנט אין חדר. דער חשבון איז אָבער געווען אַ פאַלשער: דער חדר האָט נאָר קאַליע געמאַכט אים, דאָס פאַפיר איז שוין געווען פאַר־מעקט, און די שטרעבונג האָט צו גאָרנישט ניט געבראַכט. אַבּ־ראַמזאָן האָט קיין מאָל ניט געהערט זלמנען זיך קלאָגן אויף „דעם ליידיגן מאָגן און דער שווערער אַרבעט": זלמן האָט דאָס פיינט געהאַט ווי ער האָט אויך פיינט געהאַט פונאַנדערגעבלאָזענע תּרעומות פון יענער באַקאַנטער, יידישער בראָשורן־ליטעראַטור. שטיל האָט ער געטראָגן די ליידן פון זיין שטרעבן, וואָס האָט זיך ניט איינגעגעבן, ווי ער האָט אויך שטיל געטראָגן דעם וועה־טאָג, וואָס זיינע שריפטן און „געדאַנקען" זיינען פאַרמשפּט אַריינ־פאַלן אין קאָרב אַריין. איבעריגנס, זיין קרענק האָט זיך פאַר־

שאַרפֿט און דאָס לערנען האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿון זיך אַליין.
זלמן האָט געפּרוּווט עטליכע מאָל דערקלערן אַבראַמזאָנען די הויפּט־סיבּות פֿון זיין „מגייר זיין זיך", אָבער אויך דאָס האָט אים זיך ניט איינגעגעבן. ער האָט געקאָנט אַרויסזאָגן נאָר אָפּגעהאַקטע פֿראַזעס, וואָס זייער אינהאַלט איז געווען איין און דער זעלבער: גוט, גוט, מיר זיינען שוין נישט קיין געבוירענע יונגט, אָבער וואָס וועט מיט אונז זיין? אויף וואָס פֿטרן מיר אונזערע כּוחות? קיינער הערט דאָך אונז דאָרט ניט. „זשידקי"... מיר ווערן צעריבּן... דאָ, לכל הפּחות, איז ער צווישן אייגענע...
ער וואָלט שטאַרק געוואָלט וויסן: פֿאַרוואָס איז אַבראַמזאָן ניט קיין מיטגליד אין קיין שום „אגודה"?
דאָן פּלעגט אַבראַמזאָן אויך זעהר גערן זיך מתוודה זיין פֿאַר אים. צומאָל פּלעגט זיך זלמנען דאַכטן, אַז קיינעם ווילט זיך ניט אַזוי, ווי אַבראַמזאָנען, אָן אייגן ווינקעלע פֿאַר די יידן, אַז קיינער פֿיהלט ניט אַזוי, ווי ער, די נויט אין אַן אייגן באַהעלטעניש. אָבער וואָס זאָל ער טון, ער קאָן פֿאָרט ניט אַריבּערטראָגן אָט די אַלע שווייגנדיגע און שרייענדיגע פֿאַרזאַמלונגען, וואָס זאָל ער טון, אַז דער שרעק פֿונם יידישן לעבּן, וואָס ער זעהט אין זיין פֿולער קראַפֿט, רויבּט ביי אים אַוועק זיין גלויבּן. ס'לאָזן זיך אַראָפּ די הענט, ווען מ'זעהט די צעפּוילטקייט אַרום און אַרום. וואויל איז צו די, וואָס גלויבּן? ווען זיי זאָלן אויך זיין, ווי ער — אומגליקליכע אָן אַ גלויבּן, — ווער ווייסט צי וואָלטן זיי דאַן עפּעס געקאָנט טון... וואו איז דאָס ליים, די ציגל? ס'כאַפּט אָן אַ שרעק... צי וועלן דען דערצו העלפֿן די אַלע פֿאַרשיידענע פּראָגראַמען מיט זייערע פּאַראַגראַפֿן אויף פּאַראַגראַפֿן?..
— אַליאָ, קאָן מען גאָרניט טון, אַבראַמזאָן?
— חס ושלום, זלמנקע, חס ושלום! פֿאַרקערט, אַליין טון, טון אַליין, וואָס מיר פֿיהלן נאָר, אַז ס'איז גוט. אויבּ דו ווערסט מיך פֿרעגן, וואָס צו טון, האָבּ איך מורא, איך וועל ניט קאָנען דיר ענטפֿערן קורץ און קלאָר. איך וויים נאָר, דער חלף ליגט אויפֿן האַלז, ס'ליגט אַ שאַרפֿע שווערד, — דאָס וויים איך. און טון—

אַלץ: העלפֿן, טרייסטן, גוטס טון. אַלע מענשן און יידן, אַלע מענשן און יידן....

אַבראַמזאָן האָט זיך מיט־אַמאָל אויפֿגעכאַפּט פֿון די רעיונות און דערזעהן, אַז ער שטייט אין מיטן גאַס, און זיך דער־מאָנט: ער גייט פֿון ה׳ שיינדילינסקין. ס׳איז געווען אַ ווינטער־דיגער פֿאַרנאַכט. די לופֿט איז פֿול מיט צעשטערונג: ווינטן, שניי, זאַווערוכע האָבן געשטורעמט פֿון אַלע זייטן. אַבראַמזאָן האָט פֿעסטער גענומען שפּאַנען מיט זיינע שטאַרקע פֿיס און אויפֿן זינען זיינען אים אַרויף די וועקנדיגע סטראָפֿעס:

„פֿאַלט ניט אַראָפּ ביי זיך! פֿרעהליכע, שאַלנדיגע, קומט אַלע אינאיינעם העלפֿן דעם פֿאָלק“.

## יד.

אַבראַמזאָן איז אַרויסגעגאַנגען צו דער באַן באַגעגענען שלמה פרענקלען.

— נו, שלמהלה, וואָס מאַכסטו, מיין זון . . . — האָט אַבראַמזאָן געפרעגט אָן אַן אויפהער.

שלמה פרענקל איז אָנגעטאָן געווען אין אַ נייער סטודענטישער טוזשורקע און אויף איר אַ קורצן און שענעם ראָק, ווי די יונגע דרום-אַרבעטער טראָגן, דער עיקר, די שניידערשע פּראַנטן. אָבער אין דעם ברוינעם און לויטערן פּנים, אין זיין גלייכער שטאַלט, אין זיינע ליפּן, אויגן, אין די באַזונדערע באַוועגונגען, אין וועלכע ס׳איז געווען עפּעס אַ מין זעלבסצופרידענע זאָרגלאָז-פעסטענדיגע גרימאַסע, איז גלייך געווען צו דערקענען אַ נגידיש קינד.

אַבראַמזאָנס פרייד אויפן וועג צו דער וואוינונג איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַזש ביז צום הירזשען. ס׳האָט זיך אים ניט צוגעמאַכט דאָס מויל, „זאָל לעבן די ברידערשאַפט, דער קיבוץ”, ווי די פּוילישע חסידים זאָגן. נישטאָ קיין בעסערער רעצעפּט פאַר דער מעלאַנכאָליע, ווי דער קיבוץ. אַך, אַ גרויסן וויכטיגן כּוח האָט דער קיבוץ אָפּצופליקן די דערנער, וואָס רינגלען אַרום דאָס שטענגל ביז דער אויבערשטער רויז. ער האָט שוין גערעכנט מיט ברכהן, זיין באַלעבאָסטע, אַז זיין פריינט וועט וואוינען מיט אים צוזאַמען. זי נעמט פאַר דעם דאָזיגן „צוגעגעבענעם” שכן מער ניט ווי נאָך איין רובל. זי פרעהט זיך אויך מיט שלמהלעס קומען, ווי מיט אַן אוצר.

— פיר רובל פאַר אַזאַ קליינעם צימער! — האָט שלמה באַ-

מערקט, אַריינגייענדיג אין אַבראַמזאָנס צימער, און זיינע אויגן האָבן אַרומגעבלאָנזעט און ווי געזוכט אַן אָרט פאַר צוויי מענשן. דאַן האָט ער אָנגעהויבן דערציילן וועגן אַליק, וואָס מיט אים האָט זיך געטראָפן און וועגן זיין גאַנצן קאַמף מיטן פאָטער ביז אים האָט זיך איינגעגעבן צו באַפרייען זיך פון זיין אפטרופסות. דעם פאָטער זיינעם איז ענדליך נמאס געוואָרן די גאַנצע זאַך און ער האָט אים ארויסבאַגלייט אין וועג אַריין: „פאָר דיר, אָבער קיין איין גראָשן וועסטו פון מיר ניט באַקומען“... אָבער ער, שלמה, לאַכט דערפון. ער איז דאָך שוין ניט קיין ברעקעלע, האָט ניט מורא פאַר דער נויט. אַבראַמזאָן איז געווען גערעכט מיט זיין בריוו. וואָס מאַכט יעוואַ איסאַקאָוונאַ?

— ע, חוה? חוה? יאָ! — האָט אַבראַמזאָן זיך צוגעאיילט, — געזונט... ווי אַלע מאָל... אַיאָ אַ וואויל מיידל? אַ פרוי אין סאַמע בעסערן, העכערן זינען...

— זי קומט אַריין צו דיר?.. — האָט ער אים איבערגעשלאָגן פלוצים מיט אַ ביסל אַ געמאַכטן טאָן, — איך מיין, איך וויל זאָגן, דאָס הייסט... ע... ע... זי וואוינט ווייט פון דאַנען? דער פאָטער האָט איר מיט מיר איבערגעשיקט אַ גרוס...

און ער האָט אָנגעהויבן דערציילן, פלאַפלען וועגן איר פאָטער און איר אַליין. אויב צווישן חוה בלומין און איר פאָטער איז ניט פאַראַן קיין שום „מגע ומשא“, אויסער בריוו און גרוסן פון צייט צו צייט, וועט אויך פון איצט אָן צווישן אים, שלמהן, און זיין פאָטער אויך מער ניט זיין קיין אַנדערע באַציהונגען; חוהס פאָטער איז ניט קיין שלעכטער מענש, אַ פראָסטער ייד. האָט אַמאָל געוואוינט אין א., נאָר נאָך דעם, ווי ער האָט זיך געשטעלט — און טאַקע אינדעראמתן אָנגעזועצט, ניט נאָר כדי צו מקיים זיין אַ קלוגן מנהג, — האָט ער זיך באַזעצט אין צ. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ צווייט ווייב. יעוואַ איסאַקאָוונאַ האָט דעמאָלט געלערנט אין גימנאַזיע און אויף קאַניקולן־צייט פלעגט זי קומען קיין צ. זיך זעהן מיט איר פאָטער. אָבער מיט דער צייט, בפרט נאָך, זינט ער האָט אַריינגעפירט אַ שטיפ־

מוטער פֿאַר אירע קלענערע ברידערלאַך און שוועסטערלאַך אין שטוב אַריין, האָט זי זיך נאָך מער דערווייטערט פֿון אים, און אַז איר פֿאָטער האָט פֿאָלגענדיג זיין ווייבס קרובים, פֿאַרטראַכט פֿאָרן קיין אַמעריקע אָדער קיין קאַנאַדע, האָט אים חוה קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז זי וועט מיט אים ניט פֿאָרן: זי איז צופֿיל צוגעבונדן צום לאַנד, וואו זי איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. שלמה האַלט אויך, אַז זי איז גערעכט. איר פֿאָטער האָט זי זעהר ליב און איז מיט אים, מיט שלמהן, באַפֿריינדעט פֿון קינדוויז אָן, הגם ער האָט זי געזעהן מער ניט ווי עטליכע מאָל, ווען זי איז געווען אין צ. נאָך דעם, ווי זי האָט געענדיגט די גימנאַזיע. קיינער ווייסט ניט אויף אַזוי פֿיל, ווי ער, וואָס פֿאַר א מזג טוב זי איז. זי וואוינט ווייט פֿון דאַנען?

אַבראַמזאָן, א גרייטער, האַקט אים איבער:

— ווילסט זי זעהן? גוט, גוט. יאָ, איך האָף, שלמה, דו וועסט ניט קיין חרטה האָבן אויף דעם דאָזיגן טריט דיינעם, דעם טאַטן דיינעם אויף צו להכעיס. און איך — אפֿילו די צוגרייטעניש צו דיין קומען האָבן מיך שוין דערנעהענטערט צום לעבן: מ׳האָט דאָך געדאַרפֿט זוכן אַרבעט פֿאַר דיר. וואָרן, וואָלט אַפֿילו דיין טאַטע ניט געווען אַזא האַרטער מענש, וואָלט דאָך אויך בעסער געווען פֿאַר דיר, פֿאַרשטייט זיך, לעבן אויף אייגענע מיטלען. די פּאָליטיקער פֿון מאַטעריעלן עקאָנאָמיזם האָבן דערויף נייַן מאָס דערקלערונגען, אָבער ביי מיר איז די זאַך פּראָסט: פֿריהער פֿאַר אַלץ — איך...

— איך?? — האָט שלמה פֿאַרוואונדערט געפֿרעגט — עגאָאיזם?

— נו, מיין קינד, — האָט אַבראַמזאָן זיך צעלאַכט, — מיר גלוסט זיך איצט ניט פֿילאָזאָפֿירן, איצט, שלמה המלך,— שיר השירים, — און אין פּאָעזיע דאַרף מען ניט קיין חקירות. איך האָב דיר געזאָגט „איך“, נאָר אין זינען פֿון איינציגנס שטרעבן צו פֿאַרפֿולקומונג אין אַלע דעטאַלן... אַ! וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? יאָ, איך האָב דיך געוואָלט מאַכן פֿאַר

אַ „זיצער" אין דער ביבליאָטעק און לייענזאַל פון די ציוניסטן דק"ק א. צי איז דאָס פאַר דיינע קרעפטן? אַ פיינע שטעלע?

— פון די ציוניסטן? אַ הויכוווערטיגע זאַך... אַ קליינע אַרבעט...

— אַ קליינע? האָסטו דען פאַרגעסן, שלמה, אַ פסוק: „מי בז ליום קטנות?" (ווער קאָן זיך אָפּזאָגן פון אַ קליינער אַרבעט)... בעסער דו זאָלסט פאַרגעסן, אַז יעווא איסאַקאָווגאַ איז ניט קיין ציוניסטין, איידער זאָלסט פאַרגעסן אַזעלכע פסוקים! בקיצור, נעם נישט צו ערנסט. אומזיסט האָסטו זיך דערשראָקן, מיין קינד, פאַר קליינינקייטן. איך האָב נאָר געוואָלט דיך אַהין אַריינזעצן, אָבער אינדעראמתן איז משה געווען דער גרעסטער נביא און די אַלטע גמרא — אַ גמרא, און אין איר שטייט געשריבן, אויב דו האָסט עס נאָך ניט פאַרגעסן: „דער, וואָס בעט פאַר זיין חבר, ווערט געהאָלפן דער ערשטער". און די מעשה איז אַזוי געווען, אַז איך בין געווען זיך משתדל זיין וועגן דעם ביי דוד בן ישי...

— דוד בן ישי?

— דו ווייסט ניט, ווייסט גאָר ניט, אַז דוד בן ישי מיט זיין כבוד לעבט צווישן אונז? און האַלטסט זיך נאָך פאַר אַ קענער פון דער העבּרעאישער ליטעראַטור! שעמען מעגסטו זיך! דאָס איז דאָך דוד בן יחיאל איש שיינדילינסקי און איש א. דער... דער... מחולל כהק, דער שטאָלצער שטאָלצענטענצער. דער דאָזיגער טיטל וועט אָן צווייפל אים שטאַרק געפעלן, ווייל ס'איז אים שווער צו פאַרשטיין... ניין, איך האָב געזאָגט ניט אמת. ער האָט מיר בפירוש געזאָגט, אַז ער האָט גאָר ניט קעגן ברייטער מאַכן די שפּראַך און אַז מע מעג אָן צווייפל זיך באַניצן מיט אַ סך ווערטער, וואָס די שרייבער באַניצן, נאָר ער פרעגט איין קליינע פראַגע, גאָר אַ קליינע און מער ניט: פאַרוואָס האָט די שפּראַך געקלעקט פאַר סמאָלענסקין? ניין, דו ווייסט, בכלל, שיינדילינסקי, איך האָב זיך אין דעם איבערגעצייגט און אַזוי איז עס, איז ניט קיין שלעכטער מענש.

ער איז פיל בעסער פון אַנדערע (ער אַליין האַלט זיך פאַר צו אַ ווייכן מענש). דו ווייסט, איך האָב זעהר פייגט אָט די כּאַוואַר־שטיינס (פון בלומינס קאָמפּאַניע מוז איך דיר אגב, זאָגן), ווען זיי לאַכן פון שײנדיליגסקין. זיי האָבן דערויף קיין רעכט ניט: אַליין זײַנען זיי געוועהנליכע באַלעבאַטים סיי אין זייער דענקען, סיי אין זייער לעבן. אין דער ערשטער זאַך זיך איינפונדעווען — איז וואָס האָט מיין דוד בן ישי געזינדיגט, וואָס ער האָט שוין לאַנג אין קאָמפּאַניע מיט זײַן ברודער אַ שוועבעלאַך־פאַבריק הינטער דער שטאָט? און נאָך מער: האַלטן מיר שוין בײַ דעם „אויף וויפיל זיי האָבן רעכט". — אָט, דאַווידאָווסקי (איך האָב וועגן אים מיט דיר ניט איין מאָל גערעדט אין צ.), פאַרשטייט זיך, האָט די פולע רעכט, פונדעסטוועגן קומט מיר אויס קאָמיש צומאָל זייַן באַציהונג צו מיר די לעצטע טעג פאַר מיינע וויזיטן, וואָס איך מאַך שײנדיליגסקין. ווי ס'ווייזט אויס, האָבן אויך איבערמענשן אַ שוואַכקייט. דו זאָלסט נאָר קיין טעות ניט האָבן אין מיינע רייד. איך וועל זיי דיר באַלד דערקלערן...

— אויף וויפיל איך פאַרשטיי — האָט שלמה ניט געוואָלט קיין דערקלערונגען — איז סוף כּל סוף יעוואַ איסאַקאָוונאַ טאַקע גערעכט...

— וועלכע יעוואַ איסאַקאָוונאַ? וואָס פאַר אַ שייכות האָט זי אַהער?

— דו האָסט דאָך געזאָגט...

— ניין, שלמה, דו הערסט כּלל ניט, וואָס דער רבי רעדט. איך האָב געזאָגט, אַז כּאַווערשטיין איז פון בלומינס קאָמפּאַניע נאָר אויף קאַטאָוועס. יעוואַ איסאַקאָוונאַ איז ניט כּאַוואַר־שטיין, כּאַווערשטיין איז דער האַרטער מענש, וואָס איז קעגן יעדן „אָפּאָרטוניזם". כע, כע, — איז אַבראַמזאָן פּלוצים אַריבער אויף אַן אַנדער שמועס, — איך דערמאָן מיך — לאַך איך: אין מיטן שמועס האָט מיר שײנדיליגסקי געזאָגט, אַז פונם „זיצער" פאָדערט זיך, ער זאָל זיין אַ ציוניסט, און איך בין דאָך געוויס קיין ציוניסט ניט. איך באַמערק: אַ העברעאיסט, און אָט די

באַמערקונג מיינע האָט אים דערמאָנט, ווי דער שטייגער איז, עפּעס אַן ענטפער, וואָס ער האָט אויך געענטפערט עפּעס אַ וויכטיגער פּערזאָן אין אָנהויב „חבת־ציון"־באַוועגונג, און אין איין וועג האָט ער שוין אויך דערמאָנט פאַר מיר אַ סך פון זיין גרויסער פאַרגאַנגענהייט, בקיצור, ער איז פּונקט אַזעלכער ווי כאַווערשטיין: אומעטום, לויט זיינע רייד, איז ער דער צענ־טראַלער פּונקט. אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס? אַנטקעגן דער פאַבריק.

דו האָסט געלייענט זיינע אַרטיקלען: נביאים, שטרעבונגען, אידעאַלן... אָבער אין פּריוואַטן שמועס רעדט ער וועגן אַלע אידעאַליסטן און קולטוריסטן מיט אַ טאָן פון אַ מענשן, וואָס האַלט זיך פיל העכער פאַר זיי: ער איז אַ פאַבריקאַנט, אַ פאַבריקאַנט, און זיי — שרייבער, שרייבער, בטלנים...

— דיין אַרטיקל איז אים געפעלן? — האָט שלמה גע־פּרואווט פאַרקירצן דעם שמועס, ער האָט עפּעס ניט פאַרשטאַ־נען אַבראַמזאָנס רעדן אַ סך און דאָס האָט אים פאַרשאַפט שמערץ און געבראַכט אין אומגעדולד:

— אַך יאָ, יאָ, איך גיי אויך מיט דיר. מיר קאָנען אויך רעדן גייענדיג. נו, לאָמיר נאָך אַ קייע טון אַ שטיקל ברויט. טיי ווילסטו מער ניט? נאָך איין גלאָז! ביזט דאָך איצט אַ גאַסט און דערוויייל מוזטו זיך זאַט אָנעסן. דו פרעגסט וועגן מיין אַרטיקל? ער האָט ניט געזאָגט קלאָר, אַז ער האָט ניט געלייענט, אָבער דאָס איז געווען זעלבספאַרשטענדליך, און אויך דאָס איז געווען זעלבספאַרשטענדליך, אַז ער האָט זיך פונדעסטוועגן ניט אָפּגעזאָגט מיר עצהגען נאָך לערנען און שרייבן אַ סך. (דער קעז קאָסט ביליג, האָב קיין מורא ניט עסן אַ ביסל מער). מיך, ווערליג ער זעהט, קאָן ער ניט, אָבער די יונגע שרייבער, בכלל, האָבן אַ נאַרישע געוועהנהייט אים ניט פאָלגן, און ווילן בכלל ניט לערנען. און דער כבוד, יונגע לייט, זאָגט דוד בן ישי, קומט אָן ניט גרינג!

— די גראָבקייט פון די יידישע שרייבער איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט, — האָט שלמה אָנגעהויבן...

— אוי! — האָט אַבראַמזאָן אַ לאַך געטאָן און איז אומעטיג געוואָרן, — ווי קומט עס צו דיר, שלמה? אין דיין שטימגיגון איז פאַראַן עפּעס אַ טאָן אַ נייער, וואָס איך בין נאָך ניט צוגעוואוינט צו אים. מיר דאַכט זיך, אַז א. ווירקט אויף דיר גאַנץ שנעל. איך שפּאַר זיך ניט, אָדער ווי דוד בן ישי זאָגט: אויף מיינע לעפּצן איז ניטאָ קיין קריג; דער דאָזיגער טרויעריגער פאַקט איז אין אַ גרויסער מאָס אַן אמת. אָבער עס טויג ניט זיך טשעפּען סתּם אין דער וועלט. ווייל וואָס הייסט: זיי ווילן ניט לערנען? דער מענטש-שרייבער, וואָס דער דאָזיגער נאָמען פּאַסט אים, לערנט שטענדיג. נאָר וואָס דען? איך קאָן ניט קיין אייראָפּעאישע שפּראַכן און בין ניט אין דער בחינה „פון אַן אייזל, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט ביכער", ווי דער בעל חובת-הלבבות זאָגט. ניין, ניין, איך בין ניט געערכט. ס'איז אמת, אַ סך, וואָס איך וואָלט באַדאַרפט וויסן, ווייס איך נאָך ניט, אָבער מ'דאַרף ניט פאַרגעסן מיינע לעבנס-באַדינגונגען. אמת, איך האַלט ניט פון די, וואָס וואַרפן אַרויף אַלץ אויף די לעבנס-באַדינגונגען. איך וועל זאָגן, מ'דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אפילו דאָס ביסל, וואָס איך האָב באַוויזן זיך אויסצולערנען, האָב איך עס דערגרייכט, ווען איך בין שוין געווען אַ רייפער מענטש, ווען מיין מוח און האַרץ זיינען שוין פול געווען מיט ווערטן פון די גוייִם און זייערע געטער... בקיצור, שלמה, דיין קומען האָט אויף מיר אזוי גוט געווירקט, אַז מיין צונג, וואָס גלעקלט אפילו אין אַ פרידליכער צייט מער ווי מע דאַרף, וויסט שוין איצט גאָר קיין מאָס ניט. ניין, דאָס איז אַ פאַרדראָס!.. „די יונגע שרייבער לערנען ניט, די יונגע שרייבער קענען ניט די שפּראַך" — אודאי, צו אונזער גרויס באַדויערן איז אונזער סטיל אַ פאַרדאָרבענער, אָבער מ'דאַרף דאָך אויך ניט פאַרגעסן די טיפע סיבה: דער יונגער שרייבער קומט ניט מערקענדיג, קענן זיי ווילן, אין אַ נאָהענטן און אינעווייניגסטן באַריר מיט די פרעמדע קולטורן, וואָס פאַר-

שלינגען אים אויף אַ העלפֿט, און ס׳טרעפֿט, אַז דער דאָזיגער ביז האַלב אַסימילירטער קערט זיך אום צו זיינע ברידער אין תּחום אַריין און הויבט אָן רעדן צו זיי אויף אַ טויטער שפּראַך ווען וואָס ער זאָל דאָרט ניט רעדן... פֿו, צו אַל די רוחות! וואָס איז דיר, שלמהלע, געוואָרן, ווי ווייניג געדולד דו האָסט, וואָוהין קוקסטו, דו ווילסט טאַקע אינדעראמתן ניט הערן קיין „יידיש וואָרט״?

— ניין, אַבראַמזאָן, ניין, וואָס פֿאַלט דיר איין?..

— נו, נו, ס׳איז איבעריג זיך צו פֿאַרענטפֿערן. איך בין זיך, ברודער, מודה, אַז די דאָזיגע גאַנצע פּלאַפּלעריי — און אויב דו ווילסט: די ניט־פּלאַפּלעריי — קאָנען דאָך דיך ניט אַזוי פֿיל אינטערעסירן, ווי מיך; הגם פֿון דער אַנדער זייט, דאַרפֿסטו פֿון איצט אָן זיין נעהענטער צו זיי, וואָרן, ווי דו ווילסט, איך וועל דיר יעדן טאָג אָנדולן אַ קאָפּ. דו ווייסט דאָך דעם אַרט הקדמות פֿון די שרייבער, און אויך מיין גאַנצע לאַנגע דרשה, וואָס איך האָב נאָר וואָס געהאַלטן פֿאַר דיר, איז דאָך מער ניט, ווי אַ קורצע הקדמה פֿון אַ שרייבער צו דעם, וואָס ער וויל דיר דערציילן וועגן צושטאַנד פֿון פֿילע זאַכן, בקיצור, רוצח, איבער דיר בין איך גאָר אינגאַנצן געוואָרן אַ לעבנס־פּראַקטיקער: וויזיטן אין רייכע הייזער, בקשות וועגן שטעלעס... דער גביר שלאָפֿט זיין נאָכ־מיטאָג־שלאָף אין דערהיים אויף זיין בעט, דאָס שטובמיידל באַטראַכט מיינע קליידער און באַגעגנט מיך מיט אומצופֿרידנקייט און חשד — אַליין ווי ס׳פּירט זיך. איך זיץ און וואַרט. די טיר אין זאַל איז אַ ביסל אָפֿן: סטאַטועס, פּושקין, ראַפֿאַעל, און אין עפּשטוב ר׳ זלמן פֿון לאַדיס פּאָרטרעט. בקיצור, מע דערמאָנט זיך אינם „בוך פֿון די מיטלמעסיגקייטן״ און מ׳וואַרט אַ האַלבע שעה, א שעה. די קינדער בעבטשען אויף רוסיש, די רוסישע דינסט קומט אַריין, גייט אַרויס...

— נו?..

— נו... — האָט אַבראַמזאָן ווייטער געצויגן דעם שמועס, הנאה האָבנדיג פֿון זיין אַרט דערציילן, — אַ קלונג... די מאַדאַם

קומט אַריין און וועקט אויף צולעצט דעם הער, וואָס האָט זיך שוין געקליבן, ווערליג זיין סאָפּען און הוסטן, אַליין אויפצושטיין אָן איר וועקן: עפּעס אַ בחור וואַרט... ער קומט אַרויס. אַ גאָלדענע קייט אויפן בויך: מיט וואָס קאָן איך דינען? — אַליין, ווי ס'פירט זיך אין לעבן. בקיצור, איך מאַך מיט אים אַ שמועס, שפּרינג צו זיין פאַרוואונדערונג אַריבער צו זיינע אַרטיקלען אין דעם „טרומייטער", רעד בכלל וועגן ליטעראַטור. ער גיט „אַזוי זיך" אַ שטאָך די היינטיגע שרייבער, „וואָס אפילו איין רעכטער מענטש איז ניטאָ צווישן זיי" און דער היינטיגער יונגער דור, וואָס ווייסט כלל ניט, וואָס הייסט שרייבן אָן האָנאָראַר. אָט זיי, דער אַלטער דור, האָבן געשריבן „אַזוי", „שלא על מנת לקבל פרס", אומזיסט, נאָר פון מצווה וועגן. נו, דאָ גיב איך אַ שאָקל מיטן קאָפּ: אוודאי, וואָלט גוט געווען, ווען די ליטעראַטור וואָלט ניט געווען ניט קיין געשעפט און ניט קיין געצאָלטע באַשעפטיגונג, אָבער... און די ווייכע דוד בן ישים נשמה ווערט גערעכט און טרייסט מיך, אַז הגם די „נייע ריכטונג" גייט ניט אויפן רעכטפערטיגן וועג, דאָך פאַרברייטערט זיך די ליטעראַטור, צום ווענינגסטן, אין מאָס. דאַן, גיב איך, כיטראַק, זיך אַ לאָז אויף אים פונם לאָקער, און שריי אויס: אָבער די לעזער, דוד בן ישי, די לעזער ווערן דאָך אַלץ ווענינגער, און אַ ראיה: די היגע ביבליאָטעק... כאַ־כאַ־כאַ...

— און דער סוף?..

— אָ, דער סוף! דער סוף? אַ, ס'איז דיר שוין נמאס? וואַרט נאָר צו אַ ווײַלע. די ענד — צעהן רובל אַ חודש. און נאָך די טעג וועל איך נאָך שיקן מיין נייעם אַרטיקל אין „התחיה", און איך בין דאָך פונם דור, וואָס מאָגט געצאָלט פאַר זיין אַרבעט.

— בקיצור, מיין קינד, מיר מאַכן אַ לעבן: איצט רוה אַ ביסל אויס, דו, וואָס ביזט ניט באַוויליגט געוואָרן דורך דוד בן ישי צו אַרבעטן אין ביבליאָטעק, רוה אָפּ און דערנאָך וועלן מיר באַטראַכטן, וואָס צו טון. און ווי אַ שרייבער — און שרייבער

האָבן דאָך אַ ביסל פּיינט צו טראַכטן — וועל איך ניט מאַכן קיין לאַנגע שהיות און גלייך דיר פאָרלעגן אַ נייעם פּלאַן...

אַבראַמזאָנס נייער פאָרשלאָג איז געווען איינפאַך און ניט איבעריג ניי. ער האָט פאָרגעלעגט שלמהן זיך לערנען עפּעס אַ פּשוטע מלאכה. אויפגערעגט און פרעהליך האָט ער אים לאַנג און פיל דערקלערט, וואָס פאַר אַ באַטייט דער פאָרשלאָג האָט, ניט מחמת ער, אַבראַמזאָן, האַלט די פיזישע אַרבעט פאַר אַ מין אידעאַל, ניין, פּראָסט: אַ מיטל צום לעבן. אמת, שלמה קאָן דאָך פרעגן: און צי שלאָפט ניט אין די נשמה? איז די קשיא קיין קשיא נישט: אַבראַמזאָן דאגהט כלל ניט פאַרן מאָרגן, הגם, אין פּלוג, איז אַלץ פיין און גוט, — ווער ווייסט וואָס מאָרגן וועט זיין! א י ם ט ו ט ד א ָ ך ו ו ע ה ד ע ר ק א ָ פּ. און בכלל וועט ער ניט שטאַרבן פון הונגער: ברויט און טיי וועלן אים געבן זיינע מאמרים, די ביבליאָטעק, אין אַ נויט־פאַל — העברעאישע לעקציעס. אָבער, ער, שלמה...

ער, שלמה, האָט געשוויגן — אַבראַמזאָן האָט פון גרויס אויפרעגונג ניט באַמערקט, אַז זיין גאַסט באַהאַלט עפּעס פאַר אים, עפּעס אַן אינערליכע פאַרלאָרנקייט. שלמה איז מיט עפּעס געווען נישט צופרידן, און דערביי האָט ער מורא געהאַט, אפשר וועט זיך אַרויסווייזן זיין אומצופרידנקייט. נאָר צולעצט האָט ער עפּעס גערעדט עטליכע אָפּגעהאַקטע פראַזעס מכוח זיין שטרע־בונג צו לערנען, אַריינצוטרעטן אין אַ שול און מכוח חוה בלו־מינען....

אַבראַמזאָנס קינדיש האַרץ האָט זיך יומטובדיג צעשפּילט. מאַכט און קראַפט צו דעם, וואָס לעבט אייביג! חוה בלומין איז דאָך אַ זעכציגסטל שכינה־גלאַנץ פון יענער וועלט. גוט, ער איז מסכים. ער איז ניט קיין פּאָעט און קאָן ניט זינגען. וועט ער, דע־ריבער, וועט ער זיך אומקערן צו דער ווירקליכקייט — צו די גראָהע מאַטעריעלע אינטערעסן. דאָרט, ביי מנשה קאַצמאַנען, וועלן זיי־איצט געווים טרעפן אויך שמואליקן, וואָס האָט קיין אַרבעט ניט און פאַרברענגט דאָרט טעג און נעכטן; מיט אים וועט

מען קאָנען רעדן אויך וועגן דעם פּאָרשלאָג. וואָס? ווער איז דער שמואליק? ס'טייטש, אַזאַ מוראדיגער יונג און שלמה ווייסט גאָר ניט?

שמואליק איז דעם דאָזיגן באַלעבאָס אַ זון און זיין פרומע און גוטע מאַמע איז די באַלעבאָסטע פון דאַנען: אַ היציגער בחור, אַ סאנגוויניק, אַן אָרענטליכער און וואוילער. אָבער וואָס דאַרף אַבראַמזאָן אים לערנען שכל? ער וועט לעבן, שלמה, וועט ער זעהן. ע, ס'זיינען נאָך פאַראַן גוטע און לייטישע מענשן אין א. זיינען זיי דאָ — איז אַלץ דאָ.

טו.

— איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, ווי דו האָסט געבעטן, — האָט שמואל דאַווידאָווסקי געזאָגט אַבראַמזאָנען אין עטליכע טעג אַרום, — און אָט וואָס איך האָב זיך דערוואוסט. איך רעכן, איך זאָג: פּאַר פרענקלען איז ניט באַקוועם גיין זיך לערנען אַ מלאכה אין אַ פרעמדער שטוב. שכר לימוד, זאָג איך, וועט ער ניט צאָלן און די באַלעבאַטים וועלן מיט אים אַרבעטן ווי אין אַ טאַטשקע. און ווייטער דאָס אייגענע: די איבעריגע לערן־יינגלאַך וועלן מאַכן חוזק פון אים, פונם „נעוועק", און „זיי" (שמואליק האָט זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערן כבוד צו פרענקלען ביים ערשטן קומען זיינעם) וועט שווער זיין אַריבערצוטראָגן זייערע שטיק. איך האַלט: פרעגט ניט דעם רופא, פרעגט דעם קראַנקן. איך ווייס עס פון זיך, אַבראַמזאָן. אמת, דאָס רוב פון אונזערע מאַסן הויבן אָן פאַרשטיין פון טאָג אויף טאָג די קלאַסן־אינטערעסן...

— וואָס־זשע זאָל פרענקל טון? — האָט אים אַבראַמזאָן פאַרזאָרגט געפרעגט, — וואָס רעכנסטו, שמואליק, זאָל ער טון? גיב מיר, חבר, אַן עצה!

— אַן עצה, מיין עצה, אַבראַמזאָן, איז, זאָלסט זיך דורכשמועסן וועגן דעם מיט אוריאלן. אַליין, וואָס ער זאָגט, איז ביים טאַטן וויכטיג און אויב ער וועט אים זאָגן, ער זאָל נעמען פרענקלען לערנען — וועט ער עס טון, אַזוי רעכן איך, זאָג איך. און דעריבער: אורא, בראַוואָ פרענקל דער טעסלער! בין איך גערעכט, אַבראַמזאָן?

זינט פרענקל האָט זיך באַזעצט ביי אַבראַמזאָנען, האָט זיך שמואל אָנגעהויבן בעסער זיך באַציהען צום לעצטן. אַז אַבראַמ־

זאָן האָט זיך באַזעצט בײַ זיי אין שטוב, האָט זיך שמואל גע־
טראַכט, מסתמא איז דער איצטיגער אַבראַמזאָן דער זעלבער, וואָס
איז געווען, ווען ער האָט געוואוינט בײַ מנשה קאַצמאַנען... און
אָט האָט ער זיך אַהער אַריינגעקליבן, זיצט פֿאַרשפּאַרט אין צי־
מער — און גאָרנישט. און נאָך מער, אין דער צייט, ווען
שמואל האָט זיך געקליבן אַריינצוקומען צו אים, אויסלעגן פֿאַר אים
אַלע זיינע פּרינציפּן, איז לאַ־די, וואָס אַבראַמזאָן איז ניט איבער־
ראַשט געוואָרן פֿון זיינע נייע קענטעגישן און האָט זיך ניט
געמיהט אים אויסבעסערן זיינע פֿעלערן און ווייזן דעם ריכטיגן
וועג, פֿלעגט ער נאָך רעדן צו אים עפּעס משונה־מאָדנע רייד,
פֿלעגט זאָגן, אַז זיין טעאָריע איז ניט קיין וויכטיגע, אַז פֿאַר
שמואלן וואָלט געווען בעסער, ער זאָל האָבן אַן אַנדער באַזיס
אונטער זיך; אַז דער אַרבעטער וואָלט באַדאַרפֿט קעמפֿן פֿאַר
זיין עקסיסטענץ אַ קאַמף פֿון גוטס און שלעכטס, פֿון שענקייט
און חשובדיגקייט, מיאוסקייט און געפּאַלנקייט א. א. וו., א. א. וו.
און איין מאָל האָט שמואל זיך געפּרואווט אים דערציילן זיינע
גבורות. אין בית־המדרש, בעת ס׳פֿלעגן פֿאָרקומען פֿאַרזאַמ־
לונגען פֿון ציוניסטן, נישטיגע מענשן, און דרשנען פֿלעגט שיינ־
דילינסקי, אָט דער דאָזיגער פֿאַבריקאַנט דער בלוטזויגער —
פֿלעגט דאָס זיין אַבראַמזאָנען ניט צום האַרצן, בעת כאַווערשטיין
און זיין קאָמפּאַניע פֿלעגן אים לויבן אין הימל אַריין „דעם פֿלאַם־
פֿייער" פֿאַר אַזעלכע זאַכן... קורץ, ער איז ניט געווען צופֿרידן
מיט אַבראַמזאָנען, און פֿאַר צער, וואָס זיין האָפֿענונג איז אָפּגע־
נאַרט, פֿלעגט ער זיך קלאָגן דערויף בײַ מנשה קאַצמאַנען. כאַווער־
שטיין און יידלמאַן האָבן ביידע אין איין טאָג נביאות געזאָגט, אַז
אַבראַמזאָן נויגט זיך צו יענע אידעאַלן, וואָס קוועלן אַרויס
פֿון די אָפּגעלעבטע אָנזיכטן פֿון דער יידישער קליינבורזשו־
אַזיע, וועלכע, אָנווערנדיג דעם עקאָנאָמישן באָדן אונטער אירע
פֿיס, בויט לופֿט־שלעסער און פֿאַנטאַזיעס... ובכן, האָט זיך
שמואל כמעט מיאש געווען אין אַבראַמזאָנען. אָבער זינט
שלמה פֿרענקל איז געקומען אין שטאָט, איז הגם אַבראַמזאָן איז

ניט אויף פיל בעסער געוואָרן, הגם ער האָט נאָך אַליין ניט אויפ־
געהערט מקרב צו זיין זלמן ריוועקעש דעם פועלי־ציוניסט (און
פועלי־ציוניסטן, ווי באַקאַנט, זיינען דאָך די סאַמע ערגסטע),
פונדעסטוועגן האָט ער דאָך אָנגעהויבן נאָך אַמאָל צו רעדן
וועגן אַרבעט, האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען פון צייט צו צייט צו
חוה בלומין, — אַן אָנהויב פון תשובה טון, — און שמואל האָט
איבערסניי אָנגעהויבן ליב האָבן „זייער שכן". „דער פלאַם־
פייער", ווי זיינע באַקאַנטע און פריינט האָבן אים גערופן, פלעגט
ניט קאָנען רוהיג בלייבן, ווען ער האָט געטראָפן אַבראַמזאָנען
שרייבן פון רעכטס אויף לינקס, און רעכענענדיג, אַז ער גרייט
געוויס צו אַן אַרטיקל אָדער אַ בריוו פאַר געוויסע יידישע אויס־
גאַבעס, פלעגט ער זיך ניט קאָנען איינהאַלטן און פרעגן בסוד־
סודות און שטאַרק קאָנספּיראַטיוו, — מ'זאָל וויסן, אַז ער פאַר־
שטייט, אַז אין אַזעלכע זאַכן מישט מען זיך ניט, ווייל ער איז
גענוג געניט אין אָט די דאָזיגע זאַכן... און נאָך אָט דער דאָ־
זיגער גאַנצער מיה פלעגט אים אַבראַמזאָן אַראָפּוואַרפן פון
הויכן באַרג אין טיפן גרוב אַריין און אים דערקלערן, אַז ער
שרייבט פאַר עפּעס אַ חודש־זשורנאַל „התחיה"... לשון־קודש...
כינעזיש ... אַ־נאַ ... אַ־נאַ ... אַ־נאַכ־ראַ־ני־זם ...

---

אַבראַמזאָנס גייסט, ווי אַ פלאַם פון גאָטס ליכט איידער
ס'לעשט זיך אויס, האָט זיך הויך אויפגעהויבן. אויך שלמה
פרענקעלס קומען האָט אים צוגעגעבן קראַפט. אויף צעפּיקעניש
די מאַטעריאַליסטישע עקאָנאָמיסטן, וואָס צוימען איין דעם
מענשענס וואוקס אינם „עקאָנאָמישן פאַקטאָר" און האַקן אים
די פליגל אַרונטער מיט זייערע „באַגרעניצונגען" — זאָלן זיי קוי־
מען אַהער און זאָגן: ווער האָט עס אַרויסגעשלעפּט אָט דעם
דאָזיגן יונגן בחור פון דער פאַרפּושטער שמאָלין־גרוב, אין
וועלכער ער איז געזעסן, ווי אַ וואָרים אין כריין, און אים אַרויפ־
געבראַכט אויף דעם שטאַפּל, וואָס פירט צו אַן אַנדער לעבן,

צו אַ לעבן פון דענקען און מענשן־פרייהייט? זאָלן קומען און זאָגן אַלע, וואָס האָבן פאַר אַליין אַ באור, די דאָזיגע באַרימערם מיט דעם עקאָנאָמיקוס־אָפּגאָט? ער האָט זיך טאַקע אַרומגעפירט מיטן טריאומפּירנדן בחורל, ווי אַ מאמע מיט איר קינד. ער האָט געוואוסט, ווי שווער זיינען די ערשטע טריט; ער האָט געוואוסט דעם אונטערשייד צווישן אים, וואָס איז פון אַלע מאָל געוועהנט געווען צו אָרימקייט, און אָט דעם דאָזיגן געקעכלטן אַריסטאָקראַט. מיט אַלע כּוחות פלעגט ער דערשטיקן יענע מאָמענטאַלע געפיהלן און נאַטירליכע צוזאַמענשטויסן צווישן צוויי מענשן, וועלכע וואוינען אין איין ענגן צימער. זיין פאָרזיכטיגקייט איז געווען אומגעוועהנליך.

האַלבע נאַכט. אַבראַמזאָן רייסט זיך אָפּ פון זיין אַרבעט. שלמה ווערטעלט זיך פון אומצופרידנקייט. שווער די קבצנים צו קייען נאָר ברויט אַליין: דער מאָגן פאַרדייעט צו גיך... די ליפּן, וואָס פּאַטשן און גריזען, דערגרייכן צום מיטוואוינער: דעם שרייבערם געדאַנקען ווערן איבערגעריסן און צעשוואומען...

— אַך, יאָ, יאָ, דו ביזט, הונגעריג, שלמה. ברענג דיר עפּעס פון קרעמל, וועל איך אויך עסן. אָדער ניט: בעסער וועל איך גיין. איך וועל נאָר פאַרענדיגן דעם דאָזיגן זאַץ. יאָ, יאָ, דו ביזט דאָך נאָך ניט באַקאַנט מיט דער שטאָט. יאָ, באַלד. אַלזאָ? „אַלזאָ, כּדי צו פיהלן די העכערע און אויסטערלישע שענקייט פון"... יאָ, באַלד. דיר איז נאָך ניט נמאס געוואָרן דער קעז?

— ביי אונז איז נאָך פאַראַן קעז, אַבראַמזאָן, אָבער ער האָט שוין קיין טעם ניט. אפשר קאָן מען קריגן מילך?

— מילך? „אָבער דאָס, וואָס איז ניט מאָראַליש און גוט אינם העכערן זינען פון די דאָזיגע באַגריפּן"... וואָס? מילך? יאָ, איך גיי שוין. כאַפּ דאָס דערווייל איבער, דו וויצלינג איינער. וואָס? איך? אַ דאַנק, שלמה, אַ דאַנק, דערנאָך... מילך... נו, נו... אַלזאָ?.. „דאָס שענע בילד וואָס גלעט דאָס אויג,

דאָס בילד פון מחנות מאַרשירנדע, אַלע אין איין טאַקט ביים פויקן=קלאַפּן און באַגנעטן=גלאַנץ"... יאָ, יאָ, באַלד.

אויפדערנאַכט פלעגט אַבראַמזאָן קומען צו אוריאַלן און רעדן פאַר אים וועגן דער שווערער פּראָבלעם פון אַ צאַרטער פריינטן=ליבשאַפט פון איין זייט, און אַ שווערן איינזאַמען גייסט פון דער אַנדער זייט. ניטשע זעהט אַ גרויסן צוזאַמענשטויס צווישן ליבע צום נאָהענטן און ליבע צום ווייטן.

אים, אַבראַמזאָנען, וואָס באַציהט זיך צו אַלץ, דאַכט זיך, מער מיט זיין „גרויסן שכל" ווי מיטן „קליינעם שכל" — אויב מ'זאָל זיך באַניצן מיט דער טערמינאָלאָגיע פון דעם דאָזיגן פּאָעט=פילאָזאָף אַליין — אים דאַכט זיך, אַז די זאַך איז גאַנץ איינפאַך: אויב ס'איז דאָ אַן אמתע ליבע און אַן אמתע דרייסטקייט און פעסטע האַרץ, טאָ ווי קאָן דאָרט פאָרקומען אַ סתירה? דאַכט זיך, אַ מענש קאָן ליב האָבן דעם נאָהענטן פשוט און פּראָסט, ווי די „מצוות עשה" פאָדערט: „און זאָלסט ליב האָבן דיין חבר, ווי זיך אַליין", און ניט צוליב דעם, כדי דו זאָלסט זיך קאָנען אָנשפּאַרן אויף דעם דאָזיגן חברס אַקסלען, אָדער זיך רייבן און וואַרימען נעבן אים און זיך ראַטעווען פון דער איינזאַמקייט, נאָר טאַקע טייער האַלטן אין דעם נאָהענטן פריינט, אָן שום שוואַכן רחמנות און שוואַכע געפיהלן, דעם ווייטן, נאָר דעם ווייטן, דעם, וואָס וועט מיט דער צייט אַרויסקומען פון אים... אַ?

אויף אַבראַמזאָנס פראַגע, צי איז אים, דאַווידאָווסקין, ניט צו לאַסט די דאָזיגע פילאָזאָפיע זיינע, ענטפערט ער: ניין, ער האָט שוין אויף זיין לעבן געשמעקט שטאַרקן פּולווער. און נאָר זעלטן=ווען פלעגט ער צוגעבן עפּעס אַ באַמערקונג. אין עצם זאַך פּאַסט אויף אַבראַמזאָן ניט גרינג דעם כאַראַקטער פון מענשן. פרענקל — וואָס? אַן איינפאַכע פסיכיק, מעגליך, ניט קיין וואולגאַרע, אָבער, וואָס מאַכט דאָס אויס? אין עצם=זאַך זיינען אָט די אַלע אונטערשיידן נאַרישקייטן... אָרימע לייט, רייכע, קעגנערס, גראָבע יונגן, שטאַרקע, שוואַכע, גוטע, שלעכטע... ס'איז פאַראַן נאָר אַ פיינפיינע פסיכיק, און אַ מאַסן=פסיכיק...

אַן אַרבעטער, פּראָפעסאָר, באַנקירער — ניט דאָס איז דער עיקר. וויכטיג איז, וואָס נאָר אַדאַנק די רובן, די, וואָס שאַפן דאָס לעבן, איז פאַראַן, וואָס ס׳איז פאַראַן. פאַרשטענדליך? אין עצם־זאַך, איז דאָ ניטאָ קיין בנין פון עפּעס אַ טעאָריע... איינ־ציגע — און געגנוג... איינציגע — און מ׳דאַרף ניט קיין ספּע־ציעלע זכותן... זאָלן פּלאַטאָנס פילאָזאָפן זיין היטערס און ריכטערס אין זיין רעפּובליק.

— און די דערציהונג און דאָס אַרויפפירן אויף אַ וועג ברענגט צו גאָרנישט?

— אי, די פאָלקס־בילדונג... שטוים פרענקלען אין טויזנט שטייסלען — וועט ער בלייבן ביים זייגער... געגנוג פאַר דיר, אַבראַמזאָן, דו אַליין... דו גייסט צו בלומין?.. גיי געזונט...

— וואָס גיב איך איר? וואָס קאָן איך איר געבן? — פלעגט אַבראַמזאָן זיך אַלע מאָל פרעגן — און דאָך ניט אויפ־געהערט צו גיין.

— אַ, הער אַבראַמזאָן!.. באַגעגנט אים דאָרט כאַווער־שטיין — איצט וועלן מיר זיך דערוויסן עפּעס נייס פון ציוניס־טישן לאַגער...

— וואָס הערט זיך אין אייער לאַגער, הער כאַווערשטיין?

— נו, ניין! דאָס איז אַ טעות. אין אונזער לאַגער איז ניטאָ קיין אָרט פאַר נייס, וואָס שפּראָצן אָפּט אַרויס. מיר בוקן זיך דאָך ניט פאַרן טערק, מיינע הערן. מיר רייצן זיך ניט מיט אים מיט שקלים: נאַ׳ דיר שקלים, גיב אונז ערד!

— די אמתע ציוניסטן האָבן, הער כאַווערשטיין, מער רעכט פון אייך צו לאַכן פונם סולטאַן און פון די שקלים. דער יידישער ישיעה, זאָגט איינער פון זיי, וועט קומען דורך נביאים און ניט דורך... כאַווערשטיינס!

בלומין מאַכט אַ סוף צו דעם „קריג“, דערציילנדיג אַבראַמ־זאָנען אויך דעם פאַקט, וואָס זי האָט שוין הונדערט מאָל היינט דערציילט: עפּעס אַ געשעהעניש, וואָס דאַרף פאָרקומען און

וואָס קאָן ברענגען ענדערונגען אינם רוסישן לעבן. וואָס מיינט ער וועגן דעם?

— מיין מיינונג, יעווא איסאַקאָוונאַ? איך בין ניט קיין רוס און ניט קיין פּאָליטיקער...

— וואָס מיינט ער?

— פּראָסט, די פּ אָ ל י ט י ש ע ר ו ס י ש ע אינטערעסן באַשעפטיגן מיך פּונקט אַזוי פיל, וויפיל זיי אינטערעסירן דעם דייטש, אָדער דעם פראַנצויז, וואָס האָט קיין שום שייכות ניט צו פּאָליטיק...

— דער ציוניזם איז דאָך אָבער אויך אַ פּאָליטישער? — רופט אויס פרענקל.

— אַ, דו אויך, ברוטוס! — ענטפערט אַבראַמזאָן מיט אַ שמייכל, אים ערגערט אָבער פרענקלס טאָן — דו אַמוועניגסטן, וואָלסט געמעגט וויסן, וואָס איז אַזוינס מיין ציוניזם...

— די ציוניסטישע באַוועגונג האָט בכלל איין חסרון—שלאָגט אים איבער דער באַלעבאָס מיט זיין בדחניש קול, — אַן אמתער גלות, זאָל איך אַזוי לעבן, אַ חסרון, וואָס נעמט זיך פונם ביטערן גלות.

— אין וואָס באַשטייט ער?

— אַ „באַוועגונג" און באַוועגט זיך ניט, זאָל איך אַזוי לעבן.

— כע־כע־כע!..

אַבראַמזאָן לאַכט ניט, דער ציוניזם האָט זיך ניט איינגע־וואָרצלט אינם המונס לעבן, ווייל ער רעדט ניט אין גאָטס נאָמען און זאָגט ניט צו קיין ברויט. צי וועלן אים די דאָזיגע „באַוועגנ־דיגע באַוועגונגען" געבן ברויט — דאָס איז אַן אַנדער פראַגע. זיין ציוניזם איז נאָר אַ טיפע גייסטליכע נויגונג, וואָס קומט אַרויס פונם גרויסן געדאַנק וועגן דעם גורל פון דער שכינה, פון דער יידישער נאַציע. דער דאָזיגער ציוניזם „באַוועגט זיך" — ער שפּרייט זיך אויס.

## טז.

דער ווינטער האָט געהאַלטן ביים אַוועקגיין, אָבער מ'האָט נאָך ניט אַרויסגעזעהן קיין סימן פון פריהלינג. דער חודש אדר אין יענעם יאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך רעגן.

אַבּראַמזאָנס לעבן האָט זיך געצויגן ווי געוועהנליך: ער איז יעדן טאָג געזעסן אין דער העברעאישער ביבליאָטעק, האָט באַזוכט יעדן טאָג אויך די רוסישע פּושקין־ביבליאָטעק, פאַרבראַכט אַ סך צייט אין דער געזעלשאַפט פון זלמן ריווקעס און זיינע חברים, האָט אָפט גערעדט אין די ציוניסטישע אגודות, באַאַרבּעט די לעצטע פרקים פון זיין אַרטיקל, און אויסער דעם ציינוועהטאָג, וואָס ער האָט די לעצטע צייט באַקומען, אַ צוגאָב צום קאָפּוועהטאָג, איז אין זיין לעבן נישט פאָרגעקומען קיין שום נייס. זיין וועלטל איז זיך געגאַנגען ווי געוועהנליך. דאָך פלעגט אים אָפט (ער האָט אַליין ניט געוואוסט פון ווען אָן דאָס איז געוואָרן) זיך אויסדאַכטן, אַז אין זיין לעבן האָט געטראָפן עפּעס אַן אומגעריכטער און אומגעוועהנליכער צופאַל.

און שלמה פרענקל האָט זיך געלערנט טעסלעריי ביי ר׳ משה אהרן דאַווידאָווסקין אין שטוב. אוריאל האָט אפילו אָפּגעזאָגט אַבּראַמזאָנען איבערצורעדן מיטן פאָטער וועגן פרענקלען (איך גיי אַוועק פון דאַנען — האָט ער געהאַט אַ קאַלטן ענטפער), און אַז אַבּראַמזאָן האָט אַליין פאָרגעלעגט משה אהרנען די דאָזיגע זאַך — האָט זיך דער לעצטער באַצויגן די ערשטע טעג צום דאָזיגן „פאָרשלאָג“ מיט ניט קיין קורצן „טע־טע“, אָבער סוף כל סוף האָט דער באַלעבאָס געלאָזט זיינם זאָל איבערגיין און צוגעשטימט אָנצונעמען די באַדינגונגען, וואָס אַבּראַמזאָן, זיך

שטאַרק משתדלנדיג, האָט צוגעזאָגט אָפּצוהיטן: פֿרענקל איז זיך מתחייב לעבן אויף אייגענע קאָסטן, דאַן אַרבעטן אַ גאַנץ יאָר אומזיסט. און אַבראַמזאָן האָט ערב געווען פֿאַר זיין חבר און זיך מתחייב געווען צו באַצאָלן נאָך פֿופֿצעהן רובל פֿון זיין בייטל, וואָס זיינען צוזאַמען מיטן יאָר אומזיסטער אַרבעט פֿאַררעכנט געוואָרן, ווי שכר לימוד, און די באַלעבאָסטע האָט אים אונטערגעהאָלפֿן, אַז מ׳זאָל אים גלויבן. — פֿופֿצעהן רובל זיינען היינטיגע צייטן ניט קיין קלייניגקייט — האָט ברכה פֿאַרענדיגט מיט אַ שווערן זיפֿץ.

---

ס׳זיינען אַריבער נאָך אַ פּאָר טעג — און אַלץ איז געווען ווי ס׳געהער צו זיין, אַלץ, אפילו די חרטה. דער ערשטער האָט חרטה געהאַט פֿרענקל אַליין און האָט געזיפֿצט אויף דער שווערער אַרבעט, צו וועלכער ער איז ניט צוגעוואָהנט געווען. נאָך אים האָט חרטה געקראָגן ר׳ משה-אהרן: אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס האָט אַ שלעכטע ווירקונג אויף דעם עזות פֿון די אַרבעטער; און אפילו ברכה די באַלעבאָסטע האָט גלייך חרטה באַקומען. — איר זאָגט, אַז ער איז אַ נגידיש קינד — האָט זי געטענהט צו הושע דעם אַרבעטער, וואָס האָט ליב געהאַט אַבראַמזאָנען און דעריבער האָט ער זיך געמיהט רעדן גוטס אויף פֿרענקלען און אים פֿאַרענטפֿערן פֿאַר דער באַלעבאָסטע, הגם אין האַרצן האָט ער אַנדערש געמיינט, — אויב ער איז אַ נגידיש קינד, איז אים גוט, ניט אונז. וואָס-זשע קומט ער אַהער זאָגן אַ דעה? איז ער אַ נגידיש קינד, זאָל ער ניט קומען צו אונז, נידעריגע באַלמעלאָכעס. איך ווייס נאָר, אַז ביז וואַנען ער איז ניט געקומען, האָב איך פֿון אַבראַמזאָנען ניט געהערט קיין שלעכט וואָרט, און איצט — איז אַ נייער פּריץ אויפֿגעקומען ביי מיר אין שטוב. די וואַנצן לאָזן אים נישט שלאָפֿן... וואָס-זשע קאָן איך טון? בנאמנות, ווייסט, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגן? — האָט זי שטיל צוגעגעבן, ווי זי וואָלט אַ גרויסן סוד אויסגעזאָגט, —

ביז דער איז ניט געקומען, פלעגט דער שכן צאָלן דירה־געלט צו דער צייט, און איצט, איך דאַרף געלט, און ער זאָגט, איך האָב ניט. און די פופצעהן רובל אויך — וואָס... ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. איך האָב אים געגלויבט, אַ מענש, ווי אַבראַמזאָן, וועט קיין ליגן ניט זאָגן, ס'אַ טייערער מענש, נאָר, בנאמנות... ער איז דאָך אַ פרעמדער — און דאָס האַרץ ווערט מיר צעגאַנגען, קוקנדיג אויף אים... ער איז דאָך אויסגעמאָגערט געוואָרן, גע־וואָרן עפּעס אַן אַנדער מענש... אמת, ער איז פריהער אויך געווען אַ ביסל אַ משונהדיגער! פלעגט, למשל, זיצן אויף די קני און שרייבן — זי האָט ניט קיין שמייכל געטאָן און די אויגן האָבן אויסגעדריקט אומרוה און ניט קיין שפּאַס, — אַ משונה־דיגער אופן, ער איז אָבער געווען פאַרנומען און פרעהליך... די קינדער האָבן אים ליב געהאַט דאָס לעבן... און איצט, וועה איז מיר, איך וועל אייך דעם אמת זאָגן: איך האָב מורא. בנאמנות, איך האָב מורא. — וועסט מיר, הושע, גלויבן, איך שלאָף ניט די נעכט, בנאמנות, גאַנצענע נעכט... אוריאל האָט אונז איינגאַנצן פאַרגעסן... שמואל — וועה צו מיינע צרות... און אָט נאָ'דיר גייע שלעק... בנאמנות, איך האָב מורא...

— האָט קיין פאַריבל ניט, וואָס איך דול אייך אַ קאָפּ — האָט הושע איינמאָל אַ פרואוו געטאָן אַ רעד צו טון וועגן דעם מיט אַבראַמזאָנען אַליין, — איך האָב געוואָלט זאָגן, האָב איך געוואָלט... ע... אַזוי, ווי איך זעה, ווי איר... איך האָב דאָך אויגן און זעה, ווי איר פירט זיך מיט אָט דעם, וואָס איז גע־קומען... מיט דעם, וואָס אַרבעט ביי אונז... ווי מיט אַ ברודער, ממש ווי מיט אַ ברודער. עסן, טרינקען... ע... וואָס גאָט גיט... ווי מע זאָגט ביי לייטן אַ ווערטל. און פרענקל, נאָך מיין מיינונג, פירט זיך ניט ווי ס'געהער צו זיין... זאָלט איר מיר מוחל זיין... ניט ווי ס'געהער צו זיין... אָט אַזעלכע, אַזעלכע זאַכן... דאָ, ביי אונז איז דער דאָזיגער ברוכקע—אַ רוח אין אים — נו, איך בין אויך, ברוך השם, ניט גאָר אַזוי נאַריש... דאָס אַליץ איז אוודאי אמת... מיר ווייסן אָן אים אונזער לאַגע...

אָבער אַזוי איז דאָך דער דרך=העולם... מזל... וואָס ווייסן מיר פינסטערע מענשן... ע... און אונזער באַלעבאָס מזל... אויף אַלע יידישע שונאים געזאָגט: דו לערן פריהער אויס די מלאכה—און רעדן וועסטו דערנאָך, ניט באַלד... זאָלט איר מוחל זיין... איר וועט זיך... אָבער... ווי זאָגט ער עס... ע...

— אַ דאַנק, הושע, אַ דאַנק — האָט אַבראַמזאָן געשטאַמלט צעשטרייט.

---

ענדע שבט נאָך האָט אַבראַמזאָן געוועז שוין ווי פאַרענדיגט זיין אַרבעט: דער אַרטיקל „דאָס העבראַישע שאַפן אין אָנהויב צוואנציגסטן יאָרהונדערט“ איז איבערגעשריבן געוואָרן אויף ריין און געווען צוגעגרייט צום דרוק. ס'זיינען שוין אָבער אַריבער עטליכע טעג און דער אַרטיקל איז נאָך אַלץ נישט אָפּגעשיקט געוואָרן אין רעדאַקציע. עפּעס אַ מין פאַרבאָרגענער אָפּהאַלט, ניט קיין קלאָרער, האָט ניט געלאָזט פאַרווירקליכן די דאָזיגע קליינינקייט. ס'איז געווען געגוג אפילו אַזאַ קליינע אויסרייד, וואָס דאָס זעקסטע ביכל פאַרן חודש שבט איז נאָך ניטאָ, כדי זיך אָפּצוהאַלטן מיט שיקן דעם מאַנוסקריפּט. ווי נאָר דאָס דאָזיגע ביכל וועט זיך באַקומען, האָט אַבראַמזאָן זיך אַליין צוגעזאָגט, וועט ער באַלד אָפּשיקן דעם אַרטיקל אין „התחיה“.

אַבראַמזאָן האָט אַלע מאָל אַרויסגעקוקט אויף די העפטן פונם זשורנאַל „התחיה“ מיט אַ שטאַרק קלאַפּעדיגע האַרץ. זיי זיינען געווען אין זיין לעבן אַט יענע פייערלאַך, וואָס ברענען פון דערווייטנס פאַרן בלאָנזשענדיגן וואַנדערער און לויכטן אים צו דעם וועג דורכן פינסטערן וואַלד. אמת, די דאַרע העפטן האָבן ניט באַפרידיגט פיל זייטן פון זיין מענשליכער נשמה: זיי האָבן זיך באַשעפטיגט נאָר מיט איין פראַגע, ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז אַנדערש קאָן עס ניט זיין: דער, וואָס גוססט, קאָן פון גאָרניט ניט טראַכטן, אויסער דעם, ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך... דער גוססער... אַז דאָס לעבן אין תחום האָט זיך אָפּגעשטעלט, דאָס איז געווען קלאָר אַבראַמזאָנען. ס'האָט זיך ניט געענדערט, נאָר

אָפּגעשטעלט. און ניט פון אַרויסקוקעניש אויף עפּעס אַ ישועה, ניט פון אַ וואַרטן אויף אַן אויסלייזונג האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס גלות־לעבן, נאָר צוליב טראַכטן מכּוח אַ בּרעקל בּרויט, וואָס וועט ניט זיין מאָרגן, איבּער גרויסע צרות, איבּער דער שווערער לאַסט פון די קייטן, איבּער דער טעמפּער פּוסטקייט און שווער געמיט האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס לעבן אין תּחום...

„און נאָך בּין איך דיך מודיע, מיין זון, — שרייבּט אים זיין פאָטער פון געבּורט־שטעטל — און וויל דיר אָנזאָגן אַ טרייסט־בּשורה, אַז אונזער פריינט דער וואונדערליכער און בּאַרימטער בּחור כּמהו חיים נחום נ״י האָט מיט גאָטס הילף בּאַקומען היינטיגע וואָך אַ כּשרע און פעסטע הודאה צו זיין אַ שו״ב אין גאַנץ תּפוצות ישראל. זאָלן די פרומע עסן און זאַט זיין, וואָס פעדערן צו זיין טיר פיינע שידוכים, אָבּער בּעונותינו הרבּים איז היי־יאָר ניט מקויים געוואָרן בּיי אונז, אַז גאָט וועט בּרייטער מאַכן זיינע גרעניצן א. א. וו. אדרבּא, ס׳זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן אַלע קוואַלן, גאָט זאָל נאָר דערבּאַרימען זיך, און די שבּתים מאַכט מען פאַר חול, מיר האָבּן ניט זוכה געווען, איז אויף אונז מקויים געוואָרן אַן אַנדער פּסוק, אַ פּסוק, וואָס איז פול מיט דעם, וואָס שטייט געשריבּן, „און דאָס לעבּן דיינס וועט דיר הענגען אויף אַ האָר“, ר״ל, און ס׳שטייט נאָך געשריבּן, „ער האָט פאַרצוימט פאַר אונז“ א. א. וו. און דער גוטער גאָט וועט טון, וואָס אים געפעלט — — —

און אַז ער האָט צוגעזעהן די גאַנצע נויט, דאָס לויפן, די זאָרג און אומציכטיגקייט, וואָס אַרום, ווען ער האָט געהערט זלמנען דערצעהלן וועגן אַלע צרות, וואָס עס שטייען אויס זיינע קרובים און פריינט, סיי די, וואָס וואוינען דאָ, און סיי די, וואָס האָבּן עמיגרירט איבּער ימים, בּעת ער האָט געלייענט אין די צייטונגען וועגן די שלעק מיט די אומגליקן, וואָס זיינען מער ניט ווי אַ קליינע אָפּשפּיגלונג פון דעם, וואָס קומט פאָר אין דער ווירקליכקייט, — אָט אין די אַלע דאָזיגע מינוטן האָט ער זיך עפּעס ווי געשעמט מיט זיינע ראָמאַנטישע טרוימען, מיט זיין פּאָעטישן

ציוניזם און מיט זיינע שריפטן, וואָס רעדן כּסדר וועגן קונסט און עסטעטיק. וואָס קומט ארויס פון גייסט, פון דער שענקייט, אַז אָט די דאָזיגע שטאַרבן אויס אין נויט? צו וואָס די הערליכקייט, צו וואָס די אייביגקייט, אויב די דאָזיגע ווערן פאַרלענדט אינם אייביגן דלות, פון וואָס ס'איז קיין רעטונג ניטאָ? צו וואָס די לייטישע געגנאָד? צו וואָס די נייע פּאָעזיע, אויב זיי זיינען ניט ביכולת לינדער צו מאַכן דעם דאָזיגן צער, וואָס צעפרעסט דעם גוף מיט דער נשמה?!

די ליידן זיינען שטאַרקער פון אים. און ער האָט אויפגעהערט אורטיילן וועגן אַלע לעבנס-ערשיינונגען, אַרויסגייענדיג פון זיך אַליין, פון זיינע יחידישע נשמה-איינגשאַפטן, ווי ער איז גע-וועהנט געווען ביז איצט. ער האָט אויפגעהערט פאַרגלייכן אַנ-דערע מיט זיך. די שווערע ליידן פון די אַנדערע, זייער שטרע-בונג איינמאָל אָפּצועסן זאַט, זיינען אַרויסגעטראָטן פאַר זיך און גענומען מיט אים לערנען אַ בלאַט געדאַנקען. און געוואָרן איז ער מיט אַלע זיינע מעשים ביי זיך אין די אויגן אַזוי קליין, ווי אַ זעמדל. און אויך אַזוי זיינען געוואָרן אַלע זיינע ליידן בנוגע צו יענע, די פולערע, די גרעסערע... ער איז פאַרטאָן. וואָס טוט ער? וואָס העלפט ער?

צוזאַמענציהען זיך, זיך צונויפקאָרטשען אין אַ פינטעלע. ער גרייט צו אַ בוך, פאַרריכט, פאַרשרייבט... כאַ-כאַ-כאַ, — ער אַרבעט, ער פוילט זיך ניט.

— אַ גאַנצן טאָג? — ענטפערט ר' משה אהרן מיט אַן אָפּע-נעם שפּאָט זיין אַרבעטער הושע, בעת דער דאָזיגער האָט זיך באַטראַכט אַ פרעג טון, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, וואו גע-פינט זיך די ציוניסטישע ביבליאָטעק, און צי איז זי אָפן אַ גאַנצן טאָג, — ווייזט אויס, אַז קיין אַנדערע געשעפטן זיינען ניטאָ, נאָר זיצן דאָרט און אַריינקוקן אין אַ בלאַט. אָוונט-צייט טרעפט עמיץ גייט אהין אַריין... דער, וואָס האָט אַ גרויסן בילעט, גייט זיך איבערציינגן אין דער „הצפירה" טע-טע... אַ גאַנצן טאָג וועלן ביבליאָטעקן זיין אָפן — אַ פיינע אַרבעט!

טויט, לאנגווייליגקייט, קברים־פעלדלופט... עפּעס אַ שטויב פון פּירעקינע שורות, עפּעס אַ הויפן האַלבציוניסטן מיט מאָגן־דודים אין די קראַוואַטן, עפּעס אַ ביסל פּראָסטע „לעזער“, צע־טומלטע, צעטראָגענע, פאַרקרימטע מוחות, פאַרשטאָפּטע גע־פיהלן, וואָס לייענען אָפּ אַ וואָרט מיט גרייזן, שוועבן איבער דעם און שלינגען אַראָפּ דאָס איבעריגע. און אויב די דאָזיגע פאַר־לאָזן זי אייניציגווייז...

פון די משכילים, וואָס קאָנען העברעאיש איז פאַרבליבן גע־טריי דער העברעאישער ביבליאָטעק ש נ י י ס ע ר... יעדן טאָג ווי נאָר ער עפנט אויף דעם שראַנק ביכער, קומט ער אַהין, און עפּעס ווי ער איז זיך אַליין דאַנקבאַר פאַר זיין אַריינקומען אַהער... איר זעהט בחוש, ווי הויך ער שטייט איבער אַלע שטרעמונגען און ווינטן, וואָס בלאָזן... זיין גאַנצער פּנים מיט דער גראָבער און קרומער נאָז קלאָגט זיך: די וועלט איז פּוסט... זעצט ער אַרויף די ברילן אויף דער נאָז, בלישטשען שרייענדיג אפילו די גלעזלאַך אויך: די וועלט איז פּוסט...

אמת די וועלט איז ניט אַזוי פּוסט געווען יענעם זומער, ווען ער, שנייסער, איז געווען אין פּאָלוואַרק ביי דער טאָכטערס פּאָ־טער. אָבער דערנאָך, אַז עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ סקאַנדאַל און מע האָט באַדאַרפט אַרויפלעגן אויפן האַלז דעם יאָך, דעם יאָך פון אַ פאַרפירט מיידל, און דער עיקר שפּעטער, אַז ער האָט געמוזט זי שלאָגן און דורכטרייבן — איז פּוסט, ליידיג געוואָרן די וועלט...

די וועלט איז פּוסט געוואָרן — און ניט האָבנדיג וואָס צו טון, אָדער כּדי אויסצומיידן די בלינדע אויגן פון דער מאַמען דער אלמנה — קומט ער טאָג־טעגליך זיך גריבלען אין דער באַגרע־ניצטער צאָל ביכער פונם קליינעם שראַנק, געפינען עפּעס אַ מאָל אַ בוך שירים, כאַפּן אַ קוק אין אים, און צום טויזנטן מאָל דערוויזן, אַז „ס'זיינען פאַראַן מענשן, וואָס שטאַרבן מיט זייער ראָמאַנטיזם, און ער, שנייסער, אין זיינע טיפע טיפענישן, איז סוף כל סוף איינער פון זיי“...

די דאָזיגע ניים גיט שנייסער איבער ווי אַ גזירה, ווי אַ פאַרפאַלענע זאַך. די וועלט האַלט דאָך אים פאַר אַן אייביגן פאַרטיגן פעסימיסט, און אינדעראמתן איז ער טאַקע, לפנים, אַזעלכער; אָבער, וואָס קאָן ער העלפן, אַז די וועלט גרייזט געוועהנליך; וואָס קאָן ער טון — אַז ס׳איז אים באַשערט געוואָרן, ער זאָל ניט זיין אינגאַנצן קיין פעסימיסט. טיף אין זיך, וואָס ער, שנייסער, דער אומגליקליכער, זאָל ניט טון, איז ער סוף כל סוף אַזאַ ראָמאַנטיקער. ס׳אַן אומגליק.

אָבער אין אַ רגע אַרום הויבט ער אָן ווידער צו שטעלן פראַגעם מיט אַ קול פון „הכל הבל“, אַלץ איז גאָלע נאַרישקייט.

— וואָס הערט זיך, קיין נייע ספרים זיינען געווים נאָך ניט אָנגעקומען?

— ליידער... — ענטפערט דער יונגער האָכמאַן מיט אַ שמייכל אויף די פוכיגע און רויטע ליפן.

האָכמאַנס פולינקע און רויטע ליפן לאַכן. און וואָלט מען אים אַ פרעג געטאָן, וואָס לאַכט ער, איז אַ ספק צי ער וואָלט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן: צי לאַכט ער דערפון, וואָס ס׳קומען ניט אָן קיין נייע ביכער, אָדער דערפון, וואָס ער קאָן אַרויסרעדן אַזאַ אינטעליגענטיש וואָרט, ווי „ליידער“.

---

„געערטער האַר און זעהר געשעצטער שרייבער!

איך האָב זיך זעהר דערפרעהט מיט דיין צוזאָג צו מערן און צו באַזאַפטיגן דעם „התחיה“ מיט די פרוכטן פון דיין פען. דערמיט האָב איך די ערע דיר מודיע צו זיין, אַז דיין אַרטיקל „די ווירקונג פונם חסידיזם אויף די שטרעמונגען אין אונזער נייער ליטעראַטור“ האָט געמאַכט אַן איינדרוק. און אַלע זאָגן פאָרויס אַ גוטע צוקונפט דיין טאַלאַנט אויפן געביט פון קריטיק, אַ פעלד וואָס איז נאָך ניט באַאַרבעט געוואָרן אין אונזער ליטעראַטור. צו מיין באַדויערן איז ניטאָ קיין קראַפט אין מיין האַנט צו דערפילן דיין געבעט

ווענן דעם קליינעם אוואנס. די פונדאמענטן פונם „התחיה" זיינען נאך ניט פארפעסטיגט געווארן און זיינע זיילן האלטן זיך נאך שוואך... אז איך וועל באקומען דיין מאנוסקריפט וועגן „דער העברעאישער ליטעראטור אין אנהויב צוואנ־ציגסטן יארהונדערט", וועל איך זיך משתדל זיין דיר שיקן א ביסל געלט נאך איידער ס'וועט אפגעדרוקט ווערן.

נעם צו א. א. וו."

— יהודה הישראלי, דער רעדאקטאר פון „התחיה" — האט אבראמזאן פרעהליך געטראכט — איז אן ארנטליכער מאן... האט אים אמת ליב... און ער האט זיך אויפגעהויבן פונם באנקבעטל און איז געגאנגען קריגן א קליינע הלואה אויף פאסט־הוצאות.

די הלואה האט ער געקראגן אוונט־צו, אבער צוזאמען מיט דעם האט אבראמזאן אנגעהויבן פיקן אין קאפ אן עסנדיגער גע־דאנק: ווען ער זאל אויף אן אנדער שפראך...

א, ווען ער, מיט זיין כאראקטער און מאניר, זאל זיין א שריי־בער אויף א לעבעדיגער שפראך — ווי אנדערש וואלט זיין לאגע געווען, ווי גאניץ וואלט געווען זיין לעבן. ער פיהלט דאך אין זיך אזא שטארקן ווילן, אזא שטארקע באדערפעניש, און אויך טאלאנט און מעגליכקייט צו ארבעטן, ארבעטן און ארבעטן. ער וואלט געקומען אין דער הויפטשטאט, אדער אין א ליטעראַרישן צענטר, אין א געוויסער שטאט, וואלט געגרינדעט א „ביכער־פארלאג", א נייעם און פרישן, אדער וואלט געארבעט מיט זיין גאנצן הארצן, מיט זיין גאנ־צער איבערגעגעבנקייט אין איינעם פון די פראגרעסיווע פאר־לאגן, וואס זיינען שוין דא. זיין גאניץ לעבן וואלט פארשלונגען געווארן אין דער דאזיגער ארבעט; ער וואלט מלחמה געהאלטן, ווי אים וואלט זיך געוואלט. און זי? איר ליטעראַרישער געשמאק איז דאך אזוי אנטוויקלט, אין איר אטעם איז דאך דער לעבנס־זאפט... זי וואלט געווען נעבן אים, יא זי וואלט געגאנגען מיט

אים, וואָלט אים צוגעגעבן מוט, געמונטערט, דערהויבן, וואָלט אים געבראַכט דערצו ער זאָל אַליין שטאַרקער פיהלן דעם מענשן־גייסט אין זיך, וואָלט דערגאַנצט, וואָס אים פעלט, מיט איר פערזענליכקייט, מיט יענע צוציהענדיגע, דערהויבענע עלעמענטן, וואָס אין איר, — חוה „די שענע פרוי און ריינע נשמה!“

און איצט? שרעקליך... ער פירט אַ מלחמה, אַ מלחמה, וואָס צעעסט דאָס האַרץ און נשמה, פירט אַ קאַמף מיט איר ווירקונג, וואָס זי קאָן האָבן אויף אים. יאָ, אָן איר האָט ער דאָך ניט קיין דערגאַנצקייט אין זיין לעבן...

און מיט איר ?.. — שווימט אויף אַ קליינע פראַזע און קלעט אָפּ דעם פּלאַן אין זיין האַרצן — מיט איר אַ פול לעבן? אַ פול לעבן זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן ?..

ער שטעלט זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט — יאָ־יאָ־יאָ... דער רוב פון אַ קבוץ קאָן ניט ביישטיין די גזירה... אָבער דער איינצעלנער — דער קבוץ וועט ביישטיין; דער איינצעלנער — דער צבור וועט זי ביישטיין...

יאָ־יאָ־יאָ, ער וועט אויסרייסן מיטן וואָרצל זיין האָפענונג. די האָפענונג, וואָס שווימט אויף צו להכעיס אין אים אַרויף, ווי אַ זלידנע פליג אויפן פאַרגליווערטן בלוט אין בית־המקדש... ער וועט אויסרייסן מיטן וואָרצל יענעם קול, וואָס פליסטערט אים, אַז ס'קלעקט אָט דאָס פראָסט געפיהל אין אים, אַז ער זאָל שטרעבן צו זיין ציל. זינט ס'זיינען חרוב געוואָרן די מעגליכקייטן, אַז זיי זאָלן אַרבעטן אין איין טעמפל — איז ביי אים באַשלאָסן געוואָרן צו אַנטלויפן, זיך צו דערווייטערן.

ס'אַליינן! דער גלותניק איז ניט קיין פחדן! דער גלותניק האָט ניט קיין מורא פאַרן יאָך פון פאַמיליע־לעבן; דער גלותניק האָט ניט קיין מורא פאַרן לעבנסקאַמף. דער גלותניק איז אַ שטאַרקער! דער גלותניק ווייסט נאָר, אַז ס'איז ניט גענוג נאָר יענם געפיהל, וואָס די פרייע מענשן רופן עס אָן „ליבע“. דאָס פּאַסט פאַרן סטודענט פעטראָוו — ער איז אַ פרייער מענש, גייט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. ער, אַבראַמזאָן, וועט קיין מאָל ניט

זיין גלייך צו אים. ער איז העכער פון אים, הגם איינגעבויגן...
אַזאַ פרעהליכקייט, וואָס ליגט אויף גרינגאָרי ניקאָלאַיעוויטשעס פּנים, האָט קיין מאָל ניט געהאַט קיין אָרט אין די פּנים־שטריכן ביי יעקב בן יצחק, וואָס שטאַמט פון דער ישיבה... נאָר ער, פּע־טראָוו, איז צו צוואַנציג יאָר אין בעסטער קראַפט, צו דרייסיג — אַ יונגער. אַבראַמזאָן איז געווען נאָר (צו פינף יאָר) אַ חומש־משנה־גמרה־און־מצוות־בחורל און צו פופצעהן יאָר — אַן עצה־געבער, אַ קלאָרער פאַרשטאַנד, אַ בעל־תפילה און ביטערער שעלטער...

כאַ־כאַ־כאַ! ער, אַבראַמזאָן, וואָס אים טוט שטענדיג וועה דער קאָפּ, וואָס זיין שניפּס איז שטענדיג איבערגעקערט, ער, אַבראַמזאָן, דער ערשטער צווישן די גלות־אָרימעלייט, אָט יענע גלותניקעס, וואָס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן מיט דער קללה: „פאַרשאָלטן זאָלסטו זיין איבער דער פרוי!" — ער, דער דאָ־זיגער אַבראַמזאָן, טראַכט וועגן קושן, וועגן ליבע, וועגן ליבע צו יעווא איסאַקאָוונאַ... ווי מאוס וואָלט ער געווען אין אירע אויגן, ווען זי זאָל דאָס וויסן...

יאָ, זיין מיה גייט פאַרלוירן, פאַרלוירן; העגגט אין דער לופטן, אויף גאָרנישט העגגט... ס'וועט קומען אַ דור און וועט זיך דערוויסן... וועט קומען?.. און ווער ווייסט?! ווער ווייסט, אויב זיין נשמה האָט זיך ניט פאַרבלאָנזעט אין איר וועלט? אַרום און אַרום שאָקלט מען דאָך מיטן קאָפּ... אַרום און אַרום נאָר איינציגע זאַנגען... די לעצטע גאַס־גרעזעלאך... קיין מלאך איז ניטאָ, וואָס זאָל זיי זאָגן: וואַקס!..

דער בית המקדש איז דאָך אויף אייביג חרוב געוואָרן, טאָ וואָס האָבן די דאָזיגע כהנים צו טון?

„דיין אַרטיקל האָט געמאַכט אַן איינדרוק... כאַ־כאַ־כאַ... אויף וועמען אַן איינדרוק? אויף יענע איינצעלנע זאַנגען... אויף יענע איינצעלנע זאַנגען, וואָס שטייען אויפן גרויסן קבר... אויף קליינע איינצעלנע זאַנגען, וואָס זיי פּראָדוצירן אויך אַרטיק־לען, וועלכע מאַכן אַן איינדרוק?.. כאַ־כאַ־כאַ...

קאָליע כאַוועשטיינס זון... און דעם בירגער שיינדילינסקיס קינדער, צי וועלן זיי הערן, וואָס זייער פאָטער דוד בן ישי האָט אָנגעשריבן אין זיין צייט?..

יאָ-יאָ-יאָ. ער האָט שוין פאַרשפּעטיגט אויף פּאָסט. היינט וועט זיין ניי אַרטיקל ניט אָפּגעשיקט ווערן. זיין ניי אַרטיקל — דאָס רים-ווערק פון זיינע הענט איז אָנגעשריבן געוואָרן אין אַ בעסערער צייט, ווי דער ערשטער, אין אַ צייט פון גלויבן און צופרידנקייט... גלייך עפּעס ערשט נעכטן זיינען זיי געוואָרן די דאָזיגע שעה'ן און אויך מאָרגן וועלן זיי, אפשר, זיין — און דערווייל, ווי וווייט זיי זיינען איצט, איך דער דאָזיגער מינוט... גלויבן... געדאַנקען, וואָס פאַרוואונדערן.... ער איז באַשאַפן געוואָרן מיט קראַפט... באַשאַפן געוואָרן... צוליב וואָס? צוליב וואָס איז ער באַשאַפן געוואָרן? צוליב וואָס?..

## יז.

אַבראַמזאָן האָט זיך פֿאַרשלאָסן אויף אַ גאַנצער וואָך בײַ זיך אין צימער. נאָר בײַנאַכט פֿלעגט ער אַ ביסל אַרומשפּאַצירן אין הויף, וואָס בײַ דער שטוב. פֿאַרטאָג פֿלעגט ער ווידער פֿאַרשליסן. פֿון געוועהנהייט וועגן די טיר, אויסטאָן זיך און זיך צולעגן. דאַן פֿלעגט ער ליגן און צווייפֿלען, צי ער האָט פֿאַרשלאָסן די שטוב, צי ניין. טוט ער זיך אָן, גייט אַרויס, עפֿנט זי, כּדי צופֿאַרשליסן און לאָזט זי אָפֿן.

---

איינמאָל, גייענדיג עפּענען דעם לייענזאַל, אויף וועלכן ער האָט אַכטונג געגעבן, האָט ער זיך באַטראַכט און איז אַרײַנגעגאַנגען צו אוריאל דאַווידאָווסקי. שוין עטליכע טעג ניט געווען בײַ אים. אַרײַנקומענדיג אַהין, האָט ער דאָרט געטראָפֿן דעם פּראָוויזאָר הילבערגן.

— אַלזאָ, הילבערג, ווילסטו ניט זײַן קיין וויצע־קיניג אויך, דערויף ביזטו ניט מסכּים? — האָט אוריאל פֿאָרטגעזעצט דעם שמועס, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן בײַ אַבראַמזאָנס אַרײַנקומען — און אין פּלוג, וואָס אַרט דיך? אַ? היל—בערג?..

וואָס רעדט דאַווידאָווסקי?.. — האָט זיך ד ע ר פֿאַרוואונדערט און זײַן פּנים, וואָס פֿלעגט תּמיד זײַן פֿאַרשעמט פֿאַר אוריאלן, האָט אויסגעזעהן אויך לעכערליך איצט „נאָך אַלעמען“: נאָך דעם, ווי זײַן ראָמאַן מיט דער גימנאַזיסטין האָט זיך געענדיגט...

— אַ? היל—בערג!.. אַ שאָד, וואָס אַבראַמזאָן איז אויך גאַנצע טעג פאַרנומען, ווי איר. ווען איר זאָלט ניט זיין אַזוי פאַרנומען — וואָלט איר זיך געקאָנט געבן איינער דעם צווייטן אַן עצה...

„אַלזאָ, ווידער קערט ער זיך אום צו דער איראָניע" — האָט אַבראַמזאָן, אַרויסגייענדיג דערנאָך, אַ טראַכט געטאָן וועגן דאַווידאָווסקין.

שוין העכער אַ יאָר, אַז דאַווידאָווסקיס קרייזל איז זיך צעפאַלן. אָט די אַלע, וואָס פלעגן אַריינקומען און אַרויסגיין מיט אַ באַוועג, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך אַליין אַרויסגעשטעלט פאַר אַנדערע, און זאָגן: „פאַרשטייט, ווער מיר זיינען" — אָט די אַלע זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען יעדער צו זיין אַרבעט און אויף זיין וועג. אוריאל, וואָס איז געווען אַליין, איז אַליין געבליבן. און ס'איז דעמאָלט געווען אַ פראַגע: צי דען איז געמאָלן, אַז אָט דער דאָזיגער מענש, וואָס אויף זיין שטאַרקער נשמה האָט זיך צעלעגט ווי אַ שאָטן פון מיסטיציזם, און קיין שום אידעע=פיקס האָט ער ניט און זיין גייסט איז ס'רוב אַ פעסטער — צי איז דאָס מעגליך, אַז אָט דער זאָל נאָך לעבן אַ גאַנץ יאָר? אָט דער דאָזיגער מענש, וואָס ווייסט אַלץ, וואָס זעהט קלאָר אומרעכט און פיין, און ס'דאַכט זיך אים נאָר, אַז ער האָט בכוח זיי ניט צו באַמערקן; וואָס נאָר מיטן וואָרט לאַכט ער פון רחמנות, אַז ער איז העכער פון דעם, און זיין האַרץ איז פול מיט לייד, וואָס זיין אויג האָט געזעהן יענע וועלט, וועלכע ער האָט געוואָלט שאַפן פאַר זיך און איז צוגעגאַנגען צו דער פוסטקייט פון אומענדליכקייט, אָט דער דאָזיגער מענש, אָט דער דאָזיגער מענש — צי איז דען מעגליך, ער זאָל דערציהען נאָך אַ גאַנץ יאָר? איז עס דען מעגליך?

און ער לעבט נאָך פאָרט — „דער דאָזיגער מענש" — איז אַבראַמזאָן, שפּרייזנדיג, פאַרזונקען געוואָרן ווייטער אין זיינע איינזאַמע געדאַנקען, און האָט עפּעס ווי פאַרגעסן אַלץ, וואָס אַרום און אַרום — אָט דער דאָזיגער אָפּגעשיידטער, וואָס אַלע וואויל=

טאָגן האָבן נאָר פֿאַרשטאַרקט זיין איינזאַמקייט, ביי וועמען די איינזאַמקייט פֿון כאַראַקטער, און דער כאַראַקטער פֿון זיין לעבן ענדערן זיך ניט, וועלכער איז שטענדיג אַ גאַנצער, אויסגעגאָסענער גרייט־אָנגעברייט — אָט דער דאָזיגער מענש — קערט זיך אום צו שפּאָט, איראָניע... ביז ווי לאַנג נאָך? און ער אַליין, ער, אַבראַמזאָן, דער מיטן וואָרצל אויסגעריסענער, וואָס אין זיין לעבן האָט קיין שום קאַטאַסטראָפע ניט געטראָפֿן און וועט ניט טרעפֿן, וואָס אפֿילו זיין איינזאַמקייט איז די איינזאַמקייט פֿון אַן אָפּגעריסענעם, וועלכער האָט זיך געאײַלט און געמיהט מאַכן שלום מיט דעם, וואָס איז געווען מער ניט ווי אַ דויערנדיגער קאָמ־פּראָמיס („יענעמס שפּראַך ממש"), אָן ס'האָט זיך אים ניט איינ־געגעבן, ער, ער אַליין, — ביז ווי לאַנג נאָך, ביז וואַנען, ווי לאַנג נאָך?..

ווי לאַנג נאָך וועלן דויערן די טעג פֿון גיין אין ביבליאָטעק און זיצן דאָרט? ווי לאַנג נאָך וועט זיין קערפּער זיין אַ שלאַכט־פֿעלד צווישן זיין קאָפּ און זיין וועהטאָג?

אַבראַמזאָן איז געבליבן שטיין. קליינבירגער, קרומע, אָרימע, געמיינע אײַלן, באַוועגן, ווידמענען זיך, — אַזוי משונה־מאָדנע, קיין שום געדאַנק — משונה־מאָדנע. משונה־מאָדנע — וואָס איז דאָס?

און אין דער זעלבער מינוט איז אים די זאַך קלאָר געוואָרן: אַ שרעקליכע קלאָרקייט, אַ ווייסע, פֿאַרגליווערטע ענגבערט זיין שטערן. ער האָט דערפֿאַר אַ ביטערקייט אין מויל. אַלזאָ איז סוף כּל סוף געקומען יענע זאַך, ניט אוריאַלס, ניט אוריאַלס, יענע זאַך, וואָס האָט אויפֿגעבליהט אין אים, אין אים, אין אַבראַמזאָ־נען, לאַנג, לאַנג, לאַנג...

---

ער איז געזעסן אין ביבליאָטעק און געענטפֿערט די, וואָס האָבן זיך געווענדעט צו אים. ביי יעדער ווענדונג, וואָס מ'פֿלעגט זיך ווענדן צו אים און ביי יעדן וואָרט, וואָס מ'האָט אָנגערירט

אים — האָט אין אים געמיהט זיך אַן אַנדער מענש, ניט ער, צו דערמונטערן זיך...

— דאָ־דאָ... אַלץ רייצט מיך אויף... אַי, זיינען מיינע נערוון אָפּגעשוואַכט געוואָרן, שוואַך געוואָרן אויף אַזוי פיל, אַז ס'איז פּשוט אַ בזיון...

זיינע אויגן האָבן געקוקט גלייך אין איין פּינטל, אין עק שטיק דורכזיכטיגן וואָלקן פון הימל, און אין זייך גאַנץ וועזן האָבן זיך געוועבט די לענגליכע פּינטעלאַך אויף די געפאַרבטע קעמעלאַך אין צאָפּ־האָר ביי יענער, וואָס האָט אים געזאָגט „ס'טוט איר לייד, לייד" — האָבן זיך געשפּינט און אויסגעמישט מיט די קליינע קיילעכדיגע קנעפּלאַך אויף איר קאָפּטל און זיך צעטאַנצט אין אים אַ פאַיאַצן־טאַניץ.

— די גאַנצע האַרמאָניע ווערט געשטערט — האָבן זיינע ליפּן געפּליסטערט — אַ רויט קאָפּטל... די גאַנצע האַרמאָ־ניע...

און אין איין אויגנבליק האָט ער דאָס אַלץ פאַרגעסן. און אָט זיצט ער אויף אַ בענקל אין דער ציוניסטישער ביבליאָטעק. נייך! ער האָט אומזיסט מורא. דאָס איז נאָך ניט געקומען. זיין גערדאַנק איז קלאָר...

זיין גערדאַנק איז קלאָר, גאָט און טייוול! אָט לייענט ער אומיסטן דעם שער־בלאַט פונם בוך „מסעות בנימין השלישי" און ער ווייסט פּעסט, אַז ער לייענט דעם שער־בלאַט: מסעות בנימין השלישי...

קלאָר־לויטער איז זיין גערדאַנק, כאַפּט דעם הויפּטגערדאַנק, נעמט אַרום... אַ משונהדיגע שפּיל, אַן אכזרישע, אַ צופעליגע, אָן אַן אָנהויב, אָן אַ תכלית, זייער אָנהויב איז נעפּל, זייער ענד איז דער אָפּגרונט; און זיי — פינסטערע לענדער, גרויסע פעל־קער, אַ סך נאַציעס, צווישן זיי — צעטריבענע שאָף, אַ צעשראָ־קענע טשערעדע, שחיטה־שאָף; די צעטריבענע שאָף האָבן לע־מעלאַך־ציוניסטן; די דאָזיגע האָבן אַ ביבליאָטעק; ער אַ שטול...

און אויף דעם שטול זיצט ער... יעקב בן יצחק אַבּ־
ראַמזאָן...

— איך גיי פאַרביי דעם לייענזאַל, זאָג איך: איך וועל צו־
גיין אַ קוק טון...

—דוד בן יחיאל! — האָט זיך אויפגעכאַפּט דער אַנדערער,
וואָס שטאַרקט זיך אין אים, אין אַבּראַמזאָנען, בעת ער אַליין האָט
געזעהן נאָר דעם פליך, און די קאָקעטירנדע ווערטער: „כ'גיי
פאַרביי", האָט ער כּלל ניט געהערט.

— נו, יונגער שרייבער, וואָס גיט עס נייס דאָ?

— נייס?.. און דאָס אַלטע איז קאַרג?.. אַלטע נייס...
דער פליך ווערט גרעסער און שיטערער...

שיינדילינסקי האָט אויף אים אַ קוק געגעבּן. אים האָט זיך
אויסגעדאַכט, ער האָט געהערט אַ משונה־מאָדנע וואָרט, וואָס
רירט אָן אין געוויסן זינען אויך זיין כּבוד, און אפשר האָט ער
זיך ניט איינגעהערט?

— און ווער איז שולדיג? — האָט ער געפרעגט — ווער איז
שולדיג, אַז די ביבּליאָטעק פאַלט און גייט אונטער?

— ווער איז שולדיג? — האָט געטענהט דער אַנדערער,
וואָס האָט זיך געשטאַרקט אין אַבּראַמזאָנען, — זאָל ער נאָר
זאָגן אַ להד"ם!

— אַ להד"ם? דו מיינסט: לא היו דברים מעולם? (ניט גע־
שטויגן, ניט געפלויגן?)

— לא היו דברים מעולם! — האָט אַבּראַמזאָן אַ זיפּץ גע־
טאָן כּמעט מיט פרייד, וואָס ער האָט געכאַפּט דעם פּשט פון
זיינע ווערטער — ס'זיינען ניט געווען קיין ביכער, ס'זיינען ניט
געווען קיין לעזער.

הער שיינדילינסקי האָט פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ האַרבּן אור־
טייל. ניטאָ קיין ביכער און ניטאָ קיין לעזער? צי איז דען מעג־
ליך אַרויסצוטראָגן אַזאַ קאַטעגאָרישן אורטייל? די יונגע זיינען
תּמיד עקזאַלטירט און האָבּן ליבּ איבּערטרייבּן. די הויפּט־צרה
איז, וואָס ס'זיינען קיין טאַטן ניטאָ, ניטאָ קיין מענטש, וואָס זאָל

אויף זיך נעמען די טרחה. ער, שיינדילינסקי, האָט קיין צייט ניט. און ער האָט דאָך געזאָגט... ער איז איצט אַריינגעקומען נאָר, כּדי צו באַצאָלן אַבראַמזאָנען זיין געהאַלט. ס'איז דאָך שוין אַריבער אַ חודש...

„כּדאי לעבן צו באַקומען געלט פון דעמס הענט" — איז אַ ביסל לויטערער געוואָרן אַבראַמזאָנס געדאַנק, אַז ער האָט אַריינגעוואָרפן דאָס חודש־געהאַלט אין קעשענע אין גרינגן פּאַל־טאָ, וואָס ער פלעגט אים איבער דער קעלט ניט אויסטאָן און זיצן שטענדיג אין אים.

און ווי כּדי אונטערצוהאַלטן זיינע לויטערע, קלאָרע געדאַנ־קען, האָט ער זיך צוגעאיילט און געבעטן ביי דוד בן ישי דאָס לעצטע ביכל „התחיה", וואָס ער האָט נאָך ניט באַקומען און וואָס געפינט זיך שוין אפשר ביי שיינדילינסקין.

שיינדילינסקי האָט לכתחילה געענטפערט מיט אַ „הם..." „התחיה?" הם... ביי אים איז פאַראַן אַ כּלל ניט געבן זיינע ביכער צום לייענען. די סיבה דערפון איז: ער האָט ליב ביכער אויך מיטן אויסערן אויסזעהן, דער בונד זאָל ניט זיין צעריסן א. ד. גל. וואָס קאָן מען מאַכן! דאָס איז ביי אים אַן עסטעטישע שוואַכקייט און ער קאָן זי ניט גובר זיין. די יונגע האָבן דאָך אַ שטייגער צו מאַכן פון אַ בוך אַ תל...

און נאָך דער הקדמה און דעם צוזאָג צו דער הקדמה, „אַז ער האַלט, אַז אפילו אַ קליין מענשעלע האָט דאָס רעכט האָבן אַ שוואַכקייט בנוגע צו זיין פּריוואַט אייגנטום" — צוויי אָנצוהערע־נישן אין איין גאַנג, — האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין עיקר ענט־פער. — וואָס, „התחיה"? איר האָט געבעטן „התחיה"? אַך, אַנטשולדיגט, אַנטשולדיגט... ברוך דיין אמת, יונגער שריי־בער, צום באַדויערן. איך האָב אפילו דאָס פאַרויסגעזאָגט. איך האָב ניט איין מאָל אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג: אויב אַ יידיש בלאַט וויל איצטיגע צייט עקסיסטירן, איז אויף איר אַ חוב, זי זאָל זיין אַ ציוניסטישע. מיט אַנדערע ווערטער: נאָר די ציוניס־טישע אָרגאַנען האָבן דעם זכות און די מעגליכקייט צו עקסיס־

טירן, און די „התחיה" — כאָטש נאָך אַ געשטאָרבענעם, אַז דער קבר איז נאָך ניט פאַרשאָטן...

— דער קבר... דוד בן ישי... דער קיניג פון די שרייבער, חי וקים (לעבט און איז דאָ)! — אַבראַמזאָן איז אַנטשוויגן געוואָרן. אָבער אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט באַלד אַ געשריי געטאָן אויפן קול דעם „חי וקים!"...

---

אַז דער זייגער האָט אין צווייטן צימער געקלונגען זיבן, האָט זיך אַבראַמזאָן אַ טראַכט געטאָן, שוין צייט עפּעס צו טון. מ'קאָן נאָך פאַרשפּעטיגן...

— די ביבליאָטעק דאַרף דאָך זיין אָפן ביז אַכט! — האָבן די באַזוכער זיך געבייזערט, ווען אַבראַמזאָן האָט פאַר דער צייט גענומען פאַרשליסן דעם קליינעם ביכערשראַנק.

ער האָט זיי ניט געהערט. נאָר, אַז אַלע זיינען אַרויסגעגאַנגען, איז ער געבליבן זיצן אויף זיין אָרט אָן שום באַוועגונג אַ גאַנצע שעה.

דאַן האָט ער פאַרלאָשן די ליכט און איז אַרויסגעגאַנגען. ס'איז געווען אַ פינסטערע, נאַסע נאַכט אין דרויסן. אַבראַמזאָן האָט געמאַכט עטליכע גיכע טריט צו זיין וואוינונג און זיך אומגעקערט צוריק.

— אוריאל צו רעכטס, מעפיסטאָפל צו לינקס. לוציפער פאַר אים, גאָטס שכינה הינטער אים... און איבערן קאָפּ? און איבער זיין קאָפּ?..

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן בריק און אַריינגעקוקט אין וואַסער. פינסטער. איבער זיין קאָפּ—אַן אומענדליכע טיפעניש און אין האַרצן — דאָס ווערימל יעקב. דאָס ווערימל יעקב און אַן אומענדליכע טיפעניש? אומענדליך? ס'קומט דאָך דער קץ...

דער הימל איז געווען שוואַרץ אויבן און שוואַרץ איז דאָס וואַסער אונטן געווען. זיין גאַנצער קערפער איז אויפגערעגט גע-

ווען און האָט זיך אויפגעהויבן איבער דער פאָרענטשע פון בריק... און פלוצים האָט זיך אַריינגעפלאָכטן אין אים אַ צאַרט פאַרבאָרגן בענקעניש. ער איז פאַרגליווערט געוואָרן — און די טייך־כוואַליעס האָבן געציטערט. און אָט ווי די דאָזיגע כוואַליעס האָבן אָנגעהויבן ציטערן אויף דעם שטייערם האַרצגעדאַנקען — מיט איר וועט ער אונטערגיין. זי גייט אוים — צו וואָס זשע זאָל ער לעבן? זי שטאַרבט... און ער, ווי ירמיהו פון ענתות, ווי יהודה הלוי, איז ער דאָך אויך מער ניט ווי איינער פון אירע זין...

אַרום איז געווען שטיל און שטאָק־פינסטער. ווייט־ווייט האָבן זיך געלאָזט הערן ווייכע, קליינע טריט, ווי די טריט פון אַ בלאָנזענדיגער פרוי. דאָס וואַסער איז געלאָפן, געשפרונגען, געאיילט זיך, געשוימט, זיך געוויסלט — דעם שטייערם פנים איז בלאַס געוואָרן. זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפט; די קני זיינען אים שוואַך געוואָרן... ער האָט געטאַפט מיט די הענט דעם קאָפ, די אַקסלען, די ברוסט זיינע — און אַן אומבאַקאַנטס נאָך ביז אַהער רחמנות האָט זיך דערוועקט אין אים אויף זיין דענקענדיגן קאָפ, אויף זיין שטורמישער ברוסט, אויף זיינע שטאַרקע הענט, וואָס וועלן אומקומען מיט אים צוזאַמען. ער האָט רחמנות געקראָגן אויף יעדן לופט־שטראָם, אויף די שטיינער אויף דעם דאָזיגן בריק, אויף די אַלע הייזער, וואָס פון ביידע זייטן זיינע, אויף די דאָזיגע טריט, וואָס הערן זיך אין דער ווייט, אויף דעם, וואָס דאָס אַליץ וועט פאַרלוירן גיין און וועט, ווי זיי, מער ניט זיין אויף דער וועלט.

ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיין אָרט, ווי פון קייט זיך אָפּגעריסן — און געלאָזט זיך לויפן. זיינע פיס האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין אַ גריבל מיט שטיינער—און ער האָט דאָס ניט געפיהלט. ניין, ניין, ניין! ער וועט מער ניט לעבן — און דאָס אַליץ וועט בלייבן; דאָס אַליץ וועט בלייבן — און ער אַ שטיק ערד, וואָס וועט שוין אייביג און אייביג גאָרניט נישט פיהלן; אויף אייביג, אויף דורות, אויף פאַרבייגייענדיגע דורות אויפצוהערן זעהן, דענקען....

ער איז ניטאָ — און דאָס רעטעניש בלייבט... ניין, ניין, ניין!..

די ווייטע טריט האָבן זיך דערנעהענטערט. אַן אַלטע פרוי, וואָס האַנדעלט מיט איר פאַרוויאַנעטן גוף פאַר אַ שטיקל ברויט און אַ טראָפּן בראָנפן איז פאַרבייגעגאַנגען. זי איז געווען שכור, געפאַלן פון די פיס, האָט ניט גערעדט, גלייך זי האָט זיך געשעמט אוןָ מורא געהאַט רופן דעם, וואָס איז געשטאַנען.

אַבראַמזאָן האָט זי אָנגעיאָגט, האָט אַרויסגעשלעפּט פון פאַלטאָ-קעשענע די געל-גלאַנצענדיגע מטבע, וואָס ער האָט צוריק מיט אַ פאָר שעה באַקומען פון פליכאָוון — און האָט איר דערלאַנגט: — מיין שוועסטער...

דאַן האָט ער אויסגעדרעהט דעם פּנים נאָך אַמאָל צום וואַסער און זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט. געווען אַ מענש — און ניטאָ. אוןָ די וועלט ווערט גאָרנישט אָן. נישטאָ דער אַווטאָר פונם אַרטיקל „די חסידישע ווירקונג" — און די וועלט ווערט גאָרנישט אָן דערפון. הילבערג לאַכט און געניצט; שנייסער זעצט אַרויף זיינע ברילן אויף דער נאָז — און קיינער דערמאָנט אים ניט. און זיין פאָטער?.. ר' יצחק זיצט זיך ווייטער אין טלית און תפילין און זאָגט דעם „חק לישראל"... שנים מקרא ואחד תרגום (צוויי פסוקים „מקרא" און איין פסוק „תרגום"):

ויאמר ה' לה שני גוים בבטנך, ושני לאומים ממעיך יפרדו, ולאום מלאום יאַמיץ, ורב יעבוד צעיר": („און גאָט האָט צו איר געזאָגט: צוויי פעלקער זיינעןָ אין דיין בויך און צוויי נאַציעס וועלן זיך פון דיינע געדערים צעשיידן; און איין אומה וועט זיך שטאַרקן איבער דער צווייטער אומה און דער עלטערער וועט דינען דעם יינגערן"). „ויאמר ה' לה תרין עממין במעיכי ותרתין מלכון ממעיכי ותסרשן ומלכן ממלכו. יתקף ורקוו ישתעביד לצעירא" — חזרט ער איבער תרגום-לשון.

פאַר זיינע אויגן זיינען געשפּרונגען גרין-רויטליכע פאַסקעלאַך און פונקען ווייס פייער. „און דער עלטערער וועט דינען דעם יינגערן": עשו הייצט אונזערע אויוונס אום שבת, האַקט האָליץ,

לעגט צו המן זיין אָנקלאָג. די יידן פוילן זיך אַליין דאָס צו טון, טענהן די אַנטיסעמיטן.

די אשורידיגע געפינטלטע אותיות מיט דעם טראָפּ אויף זיי האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אין די גרין־רויטליכע פאַסעקלאַך. אַבראַמזאָן האָט פאַרמאַכט די אויגן. די אותיות זיינען אויסגע־קריצט געוואָרן מיט שוואַרץ פייער אין עק הימל־קופּאָל.

## יח.

ס׳איז געווען דריי אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט — און ביי אוריאלן אין פענסטער האָט זיך נאָך געלויכטן. אַבראַמזאָן האָט זיך ניט פאַרוואונדערט, איז צוגעגאַנגען און אָנגעקלאַפּט אָן דער טיר.

קיינער האָט ניט געענטפערט.

אַבראַמזאָנען האָט שטאַרק געפּרעסטעלט און געפיבערט. די שטילקייט פון ביידע זייטן טיר האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה. ער האָט נאָך אַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן...

— טאַק־טאַק־טאַק...

„דזין" — האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון אַ שטאָלענער זאַך, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. און אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער באַלעבאָס פון דער וואוינונג געעפנט די טיר, אינגאַנצן אָן אָנגעטונענער, נאָר ד ע ר ה אַ ל ז א נ ט ב ל ו י ז ט... אויף דער ערד איז געלעגן אַ גאָלמעסער. אַן איינזאַמע שטיל־קייט פון עפּעס צעשטערטס, איבערגעריסנס האָט אַרומגע־שוועבט אין דער לופטן פון צימער, און האָט דערצעהלט דעם אַריינגעקומענעם אַליין, וואָס וואָלט דאָ אין אַ רגע אַרום געשעהן, ווען ער זאָל אַהער ניט געווען אָנקומען. אַבראַמזאָנען האָט באַ־הערשט עפּעס אַ גוואַלדיגע שרעק פאַר עפּעס „אַ פאַרבאָר־גענס", וואָס שוועבט דאָ אַרום. ער האָט מורא געהאַט, מ׳זאָל דערהערן זיינע טריט: מיט שטילע טריט איז ער צוגעגאַנגען צו אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט.

אוריאל האָט מיטן פוס אָפּגעוואָרפן אָן אַ זייט דעם גלאַנ־צענדיגן גאָלמעסער, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויפן דיל, און

געשטערט אים אַרומשפּאַצירן איבערן צימער, פֿאַרהאַלטן זיינע טריט, טריט, וואָס באַגלייטן אַ גרויסן און שווערן געדאַנק. זיין פּנים איז געווען בלאַס, רוהיג, ווי אַלע מאָל, און נאָר זיין נאַקעטער און לאַנגער האַלז האָט אויסגעזעהן, גלייך ער איז נאָך לענגער געוואָרן און אַרויס פֿון דער מאָס.

אַבראַמזאָן איז געזעסן אויף זיין אָרט אַ לענגערע צייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. ענדליך האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און אַ קוק געגעבן אוריאלן אין פּנים אַריין. ער האָט געמיינט געפינען אין זיינע אויגן עטוואָס פֿון יענעם, וואָס ער האָט געפֿיהלט אין זיין יוגנט, ווען מע האָט אים אַרויסגעשלעפּט קוים אַ לעבעדיגן פֿון טייך. ניין... דער דאָזיגער מענש האָט אים אפֿילו נישט געפֿרעגט: „וואָס דאַרף ער האָבן דאָ איך זיין וואוינונג נאָך האַלבער נאַכט?“

דער איינציגער געדאַנק: „וואָס וואָלט מיט אָט דעם דאָזיגן געווען, ווען ער, אַבראַמזאָן, זאָל געווען זיך נאָך אַ רגע פֿאַרזוימען אין גאַס“ — האָט דורכגעזייהט אַלע איבעריגע אַבראַמזאָנס נישט קלאָרע געדאַנקען, דעם גאַנצן דאָזיגן אָוונט און געמאַכט זיי ריין און קלאָר. ער האָט זיך אין דער דאָזיגער מינוט פֿאָרגעשטעלט אוריאלס טויטן פּנים. און אַז אוריאל איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט אַרויסגעדרעהט דעם קנויט און גרעסער געמאַכט דעם קליינעם פֿלאַם אין לאָמפּ — איז אים אַרויף נאָך אַ קלאָרער געדאַנק: אַלזאָ, האָט ער נאָר פֿאַרדרעהט דעם לאָמפּ, בעת ער האָט זיך צוגעגרייט, נאָר פֿאַרקלענערט דעם שיין, אָבער ניט פֿאַרלאָשן אינגאַנצן... צי וואָלט ער אויך געקאָנט שטאַרבן, ניט פֿאַרלעשנדיג פֿריהער דאָס ליכט? אָ, פֿאַרוואָס שרייט אין אים אַלץ, אַז, בכלל, דאַרף מען ניט טון יענעמס טאַט?..

— ס'טריפֿט אַ רעגנדל, אוריאל, דער זומער קומט... — דאַווידאָווסקי האָט אויפגעציטערט. נאָך דעם ווי ער האָט שוין מער ניט געהאָפֿט צו הערן קיין קול, איז אים אויסגעקומען ניי דאָס קול פֿון דעם, וואָס האָט גערעדט. נאָך אַ ווייל — און ער איז גרייט

געווען אַ וואָרף טון אַן אומצופרידענעם בליק אויפֿן פֿאַרשפּע־טיגטן אורח:

— גיי דיר פֿון דאַנען! — נאָר ער האָט פּלוצים געזאָגט:

— אַ? וואָס האָט די מאַמע היינט געטאָן?

אַבראַמזאָן האָט זיך צוגעאײַלט צו ענטפֿערן. און זיין שטים איז, ווי בײַ דעם, מיט וועמען ער האָט גערעדט, געווען נידעריק און געבראָכן, גלייך ער וואָלט פֿיל מער באַהאַלטן בײַ זיך אינעווייניג, ווי ער רעדט אַרויס:

— די מאַמע, אוריאל, די מאַמע? וואָס טוט דיין מאַמע? די מאַמע וואַשט היינט, אוריאל, זי וואַשט: די מאַמע האָט היינט געוואַשן די קינדערס העמדעלאַך. די קינדער האָבן ניט געזונגען, נאָר געוויינט, די מאַמע, אוריאל, האָט קיין צייט ניט געהאַט זיי געבן עסן. ווען דו וואָלסט, אוריאל, געהערט דער מאַמעס קולות, ווי זי האָט איינגעשטילט דאָס קליינע, דאָס קליינע מיידעלע, וואָס האָט געוויינט: „בעבעלע, בעבעלע, האָפּצי, אַך, מזל מיינער, אַך, טרייסט איינע, אך, חיות מיינער, מיר אַ בעבעלע דיר אַ בעבעלע!" אוריאל, איך קאָן ניט שטאַרבן! איצט האָב איך מיך איבערגעצייגט!.. וועה איז מיר... מ'דאַרף ניט שטאַרבן... דאָס לעבן־רעטעניש איז זעהר גרויס... גרעסער פֿון טויט־רעטעניש... בעבעלע — חיות...

אוריאל האָט ווידער אַ קוק געגעבן אויף אים מיט זיינע טונקעלע אויגן, און אויסגעזועהן האָבן זיי, ווי די אויגן בײַ אַ מענשן, וואָס אַלע שיידוועגטלאַך אַרום זיין האַרץ זיינען שוין לאַנג אומגעפֿאַלן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַנידערגעזעצט זיך נעבן אַבראַמזאָנען. — דער זומער קומט? גוט; אָבער דאָס איז שוין קיין נפֿקא־מינה ניט: ער קאָן שוין מיט גאָרנישט העלפֿן. יאָ, אַז ס'האָט זיך שוין געמאַכט אַזוי, — איז גלייכער, וואָס די זאַך ווערט אָפּגעלענט... ס'איז געווען איין רגע, איין קליינע ווילע, און ער האָט ניט געקאָנט בײַשטיין דעם נסיון: זאָל ער נאָר אַליין אַ טראַכט טון! נאָך אַ ביסל טרערן אין ים טרערן אַריין,און נאָך

דעם אן אומענדליכע רוהיגקייט. ווי ע ר רופט עס, ווי ע ר צידהט עס. אָבער ס'איז בעסער, וואָס ס'איז אַזוי געשעהן. ער וועט אָפּפּאָרן פון דאַנען. בעסער ס'זאָל אָנקומען פון דערוויי־טענס. ניט פאַר אירע אויגן — פון דערווייטענס איז ניט אַזוי שרעקליך. עפּעס אַ מין משונה־מאָדנע זאַך, דער טויט איז שרעק־ליך סוף כּל סוף פאַר די, וואָס מוזן שטאַרבן: זיי איז שווער זיך פאָרצושטעלן וואָס איז אַזעלכעס אייביג זיין, ניט אייביג זיין. יאָ, דער זומער קומט ?.. גוט... זאָל ער קומען... אויף דער וועלט איז פאַראַן אי גוטס, אי שלעכטס. די זאַך, וואָס איז צו־פעליג, קאָן ניט זיין קיין שלעכטע... אים ברעננען אום ניט די וועלט־ליידן, ניט די וועלט ליידן, יאָ... דער גאָלמעסער איז אויך אַ גוטער... ער לייזט אויס... לייזט אויס פון דער ניר־וואנע...

— לייזט אויס פון דער אויסלייזונג? — האָט אַבראַמזאָן שטאַרק זיך פאַרוואונדערט.

— זי איז ניט קיין אויסלייזונג; ער איז אַן אויסלייזער, ער איז גוט; אומענדליכע פוסטקייט, זי איז ניט קיין אויסלייזונג. זי איז אַ היילונג, אַ היילונג. פיל צייט זיך באַניצט מיט איר, האָב זיך באַניצט מיט אַ פאַלשער אויסלייזונג. האָט מיך ניט אויסגע־לייזט אפילו פון דער מורא פאַר טרערן. ווייטער פון דאַנען. דאָרט אין וועג. דאָס טויטע לעבן האָט ניט אויסגעלייזט. איצט רופט מיך דער לעבעדיגער טויט. יעקב, הער: ד י י ן ב ל י ק א י ז נ י ט ק י י ן ג ו ט ע ר. מיר האָט זיך געדאַכט, דו שלאָפסט איצט... און אַט דיין בליק איז ניט קיין גוטער. איך זאָג עס דיר רוהיג. דיין בליק קוקט ניט אויף קיין קץ...

— אוריאל, דו גיסט אָנצוהערן אויף עפּעס?

— יעקב, איך גיב ניט אָנצוהערן. ס'איז קלאָר.

— אוריאל, האָסטו פריהער אַראָפּגעדרעהט דעם לאָמפּ ?

— דו זעהסט דאָך. דער לאָמפּ זעצט זיך אַליין. אַבראַמ־זאָן איז אויפגעשפרונגען פון אָרט. אוריאל, וואָס איז געזעסן

נעבן אים, האָט זיך אים אויסגעדאַכט אָפּגעשיידט, גלייך, ווי ער וואָלט געווען הינטער געדיכטע מויערן. זיין שטים איז געווען ווי ביי אַן אויסגעניכטערטן דורך אַ פּלוצימדיקן שרעק און נאָך דעם, ווי ער האָט זיך באַרוהיגט, איז צוריקגעקומען די שכרות. אַ זעץ געגעבן איבערן קאָפּ און פאַרטומלט. דאַווידאָווסקי איז אויך אויפגעשטאַנען...

— הייסט עס, אוריאל שטאַרבט ביי אַ ליכט? — זיינע אויגן האָבן זיך פאַר אים אַראָפּגעלאָזט ביי אַ ליכט? פון גרויסער לויטערקייט און ניט מיט ציינקריצן? אוריאל, איך האָב ניט מורא פאַר משוגעת, דו הערסט, איך האָב קיין מורא ניט. אויב ס'איז ניטאָ קיין לעבעדיג לעבן — מאַכט אויך ניט אויס! ס'מאַכט אויך ניט אויס! און דעם פאָדים וועל איך ניט איבעררייסן. ניט דאָס איז באַפרייאונג... הייסט עס, איז די ליכט אויסגעגאַנגען, ווייל ס'איז קיין נאַפט ניט געווען? און דו האָסט ניט מורא געהאַט פאַרן טויט? יאָ, דער טויט איז ניט שרעקליך... די נסיסה איז שרעקליך... דער פאַרבענקייט איז שרעקליך... שרעקליכע יסורים... וואָס מ'האָט, זינט די וועלט שטייט, ניט געהערט אַזעלכע. זיין צעפּאַלעניש, אַ צעפּאַלעניש אויף דורות, אַן אייביגער חורבן, אַ צעפּוילטקייט און צעברעקלטקייט. מ'דאַרף ניט! גיסט ניט אַריין קיין נאַפט... קיין בוימל איז דאָך ניטאָ; אַלע בוימלען זיינען אומריין געוואָרן... און אים וועל איך ניט איבערגעבן מיין נשמה. זאָג ניט און ווינק ניט... איך וועל מיט איר זיך ענדיגן אין אַ גרויסער און לאַנגער גסיסה... שטיי און קוק: זאָלסט פון דאַנען ניט אַוועקגיין. און גיי ניט צו יענע, וואָס טרייבן דיך. ס'טריפט אַ רעגן... זאָג ניט: ס'ווערט טאָג... דער לאָמפּ וועט נאָך פאַרלאָשן ווערן אין מיין זיצן אין דער פינסטערניש... דער האָן קרעהעט? די הענער קרעהען פון אונטערן אויוון... גיב נאָר אַ קוק: דער קנויט לעשט זיך, לעשט זיך... און אָט איז אַ סוף...

אוריאל דאַווידאָווסקי האָט ניט אויפגעהערט אַרומשפּאַצירן מיט זיינע שטילע, רוהיגע טריט. ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ מענש,

וואָס זיין האַריץ איז גרייט אָפּן צו הערן אַליץ און אַליץ צו פֿאַר־
שטיין, און זיינע אויגן זיינען געוועק די אויגן פֿון אַ מענשן, וואָס
יעדער רגע איז פֿאַר אים אַן אייביגקייט... די טונקעלע ווענט,
דער שוואַרצער סופּיט און דער פֿינסטערער לאָמפּ האָבן, איינגע־
געהילטע אין שוואַרצן, געברומט זייער נאַכטקלאַנג.

יט.

— וואָס האָב איך בײַ אײַך געוואָלט בעטן, — האָט שלמה פרענקל געזאָגט אײנמאָל שבת חוה בלומין בײַ איר אין צימער, — וואָס האָב איך געוואָלט בעטן? יאָ, גיט מיר אַ בוך אויף לײַע־נען. דאָרט בײַ מיר, איך מײן, בײַ אַבראַמזאָנען, זײַנען פֿאַראַן איבסענס דראַמעס. און איך וויל לײענען אַ דערצײ־לונג. דראַמעס, מעג מען זאָגן, איז פֿאַראַן בײַ יעדן מענטשן אַלײן...

בלומין האָט געקוקט אויף פרענקלען מיט אירע לאַכנדיגע אויגן — גרויסע, לויטערע, קלוגע מײדלשע אויגן. — און וואָס זײַנען עס, למשל, „פּאָר אַ דראַמעס אין זײַן לעבן אַלײן“, אויב ס'איז דערלויבט צו פרעגן און צו וויסן?

פרענקל האָט אַ טראַכט געטאָן: „זי לאַכט פון מיר... זי האַלט פון אים... קײן צווײפל נישט... איר סימפּאַטיע איז צו אים“... און ער פלעגט איבערקאָכן מיט אַ באַהאַלטענער שנאה די מעשה וועגן זײַן לעבן מיט אַבראַמזאָנען. — אַבראַמזאָן זאָגט אַלײן, אַז זײַנע נערוון זײַנען צעטרײסלט געוואָרן ביז גאָר, און ער קאָן מער שוין איצט ניט וואוינען מיט אים צוזאַמען...

אומווילליג, עפּעס ווי נאָר כּדי אויפצורײַצן זײַן האַרץ, וואָס איז בטבע געווען ניט קײן שלעכטס, איז פרענקלען דורכגעלאָפן אין מוח אַ שאָטן פון יענע געפילן, אינגאַנצן אַנדערע, וואָס ער האָט אַמאָל געפילט צו זײַן פירער און פרײַנט — און די שנאה איז געוואַקסן אין אים. אַבראַמזאָן האָט אים אָפּגענאַרט, יאָ אָפּגענאַרט. ער האָט אים אונטערגעלעגט פּאַסטקעס און אים אַרײַנגעכאַפּט אין זײ, כּדי צו האַלטן זיך גרויס איבער אים און אים

אַרויסווייזן אַ הויכע נשמה. ער האָט אים גערופן אַהער, האָט זיין רוה צעשטערט, האָט אים אַרויסגעריסן פון זיין אָרט, געמאַכט אַ ברוגז צווישן אים און זיין פאָטער אין צ. און וואָס איז געווען דער סוף פון דעם ? ער, פרענקל, האָט אים געפּאָלגט — און וואָס האָט ער פון דעם, וואָס ס'איז אים צוגעזאָגט געווען? ניט ער לערנט, קיינער איז ניט נתפעל געוואָרן פון אים, ניטאָ קיינער, וואָס זאָל פאַרשטיין די גאַנצע שווערקייט פון דער מלחמה, פון וועלכער ער איז אַרויס מיט נצחון, און אפילו אָט זי האַלט פון אים ניט איבעריג. און אַבראַמזאָן אַליין — יאָ, ער איז אויך ניט בעסער פאַר אַנדערע. וואָס דאַרף ער זיך מיהען, אַז ער, שלמה, זאָל באַקומען קענטעניש און אים איבעריאָגן? יאָ, אַבראַמזאָן איז ניט בעסער פאַר אַנדערע. אומזיסט באַרימט ער זיך מיט שטאָלץ, אַז ער איז אַ קאָמוניסט! ניטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט...

— נו, פרענקל, וואָס?

— וואָס „וואָס"? — האָט זיך פרענקל געמאַכט תמעוואַטע און דאָס האַרץ האָט אין אים געזאָדן... קיין צווייפל נישט, ער האָט אָנגערעדט אויף אים, אויף פרענקלען, פאַר איר. ווייל אַ'ניט, פאַרוואָס זשע רעדט זי מיט אים אין אַזאַ טאָן ? אוממעג־ליך, אַז זיין ווירקונג זאָל דאָ ניט זיין. אַבראַמזאָן האָט אויך קאַליע געמאַכט די באַציהונגען צווישן אים און די אַרבעטער־חברים. פרענקל האָט דאָך בפירוש געהערט, ווי אַבראַמזאָן האָט גערעדט „שטראָף־רייד" און דערוויזן, אַז פרענקלען גייט ניט אָן די אמתע לאַגע פון די אַרבעטער, זיין ציל איז ניט צו עפענען זיי די אויגן, נאָר זיך אַרויסזאָגן, זיין איינער פון זיי און האָבן כבוד ביי זיי. אָט אַזוי רעדט אַ קאָמוניסט! אויב ער מוז צוליב זיין אָרימקייט, אַן אָרימקייט, וואָס ער אַליין האָט אים געבראַכט צו איר, וואוינען ביי אַבראַמזאָנען, זאָל ער אים לאָזן טרעטן אויפן קאָפּ? אָ, ער זעהט איצט אַלע אַבראַמזאָנס באַהאַלטענע כוונות. איצט האָט ער צעביסן דעם נוס, וואָס איז אינעווייניג אָט ווי אויסנווייניג.

— נו, און וואָס אַבראַמזאָן, וואָס? — האָט בלומין ניט אויפגעהערט אים פּייניגן מיט אירע פראַגעס.

— גאָרנישט !.. — האָט פרענקל געענטפערט מיט אַ גע־מאַכטער באַשיידנקייט — איך זאָג נאָר, יעווא, און, ס׳פאַרשטייט זיך, איך זאָג עס נאָר אייך, און ניט קיין אַנדערן, אַז נאָך מיין מיינונג, איז אָפּנאַרן זיך און מענשן אַ געוועהנליכע זאַך. אַלע מענשן, נאָך זיין מיינונג, זיינען עגאָאיסטן און מער גאָרניט. איך האָב זיך אין דעם איבערגעציינט. צומאָל ווייזט זיך דיר אויס, אַז... אַז...

— בקיצור, לשון הרע — האָט זי זיך ניט איינגעהאַלטן און אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער ווענן דעם יידיש וואָרט, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר מויל אין איר שטענדיגן רוסיש רעדן — אָבער ווענן וואָס רעדט זיך דאָ?

— ווענן וואָס? איך זאָג נאָר, איך בין געווען אַ קינד ביז איך בין אַהער געקומען. זיך געטראָגן אין דער פאַנטאַזיע. אַ, יאָ, יאָ, — האָט פרענקל אַ זיפץ געטאָן — איך האָב גאָר עפּעס אַנ־דערס, גאָר עפּעס אַנדערש, איינגאַנצן עפּעס אַנדערש געטראַכט, פאָרנדיג אַהער. אויף וואָר, איך האָב דאָס רעכט צו זאָגן: אַלע מיינע האָפענונגען האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. דע־ריבער, לויט מיין מיינונג... דעריבער הויב איך אָן... הויב אָן.

— זיך אַנטוישן אינם לעבן?.. יאָ, נאַטירליך. אָבער אַבראַמזאָן... וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער צו דעם? נאָך מיין מיינונג איז גלייכער...

—אַבראַמזאָן? איך האָב דאָך געזאָגט: גאָרנישט. צוריק מיט אַ פּאָר טעג האָט ער ניט געגעכטיגט אין דער היים. איז גע־קומען מיטן באַגינען. ס׳איז קענטיג געווען, לויט מיין מיינונג, ער איז די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. דעם גאַנצן טאָג איז ער געלעגן שלאָף. נו, פאַרשטייט זיך, האָב איך אים צוגעזעהן, און ער דערציילט מיר גאָרנישט — קאָנספּיראַציעס. בקיצור, ער איז ברוגז אויף מיר — אַזוי דאַכט זיך מיר. און פאַרוואָס?

דערפֿאַר, וואָס איך שמועס מיט די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן צוזאַמען מיט מיר, וועגן זייער לאַגע. און זעלבסטפֿאַרשטענדליך. נו, יעווא, וואָלט איר דען געגלויבט, מ׳זאָל אייך דערציילן, אַז אַבראַמזאָן איז קעגן דעם? איך פֿאַרשטיי ניט בשום אופן, אין וואָס איז ער זיך דאָ מתקנא. אין פֿלוג, אַרבעט איך דאָך, לויט מיין מיינונג, מיט זיי צוזאַמען, אונזער שוויים ווערט אויסגעדאַמפֿט אין איין לופֿט, מיר זעהען איינער ביים אַנדערן די מאָזאָליעס אויף די הענט — און, ס׳פֿאַרשטייט זיך, איך בין זיי נעהענטער, ווי ער. אמת, דער באַלעבאָס איז אַ מנוול, וואָס אַזעלכע זיינען וועניג פֿאַראַן — מאָנט ביי אים... ביי אַבראַמזאָנען, דירה־געלט און אויך... און אויך לערן־געלט.

שלמה האָט גענומען פֿונם בופֿעט אַ קוכן און אָנגעהויבן אים קייען, האַלטענדיג אין איין רעדן:

— אויף וואָר, ער מאָנט ביי אים. אָבער און אַנדערער, אפֿילו אַזעלכע ווי איך, למשל, וואָלט אַ שפּיי געטאָן דערויף, וואָרן, וואָס קאָן ער אונז טון? ער וועט מיך מער נישט לערנען די מלאכה? אָבער איך בין דאָך ניט אַבי ווער אַ לערניינגל. איך לערן עס דאָך ניט צוליב פּרנסה. איך האָב געוואָרפֿן אַ גרעסערן און בעסערן פֿאַרגעניגן, ווי שטיין און שוויצן אַ גאַנצן טאָג. איך האָב דאָס געלערנט, חוה, ווי איר ווייסט, צוליב עפּעס אַנדערס, צוליב אַן אַנדער כוונה, לויט מיין מיינונג. דאָס איז ביי מיר מער ניט ווי אַ מיטל, אַ מיטל, אָן שום פּראַזעס, א מיטל צו דערגרייכן דעם אידעאַל־ציל און אין יעדן פֿאַל איז, לויט מיין מיינונג, ניט לאָגיש פֿאַרהייליגן די מיטלען און פֿאַרגעסן אָן דעם ציל, אָנם אידעאַל. לויט מיין מיינונג, — האָט שלמה פּלוצים זיך דערמאָנט אינם סטיל פֿון אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט די טעג געלייענט וועגן דעם דאָזיגן ענין, — די דאָזיגע מדה איז די קרענקליכסטע אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. און ווייסט איר, חוה, וואָס ער זאָגט? איר וועט ניט גלויבן: ער לייקנט אינגאַנצן אין דער זאַך! זינט ער איז געקומען פֿון צ. אַהער, האָט ער זיך אַזוי געענדערט, אַזוי געענדערט! געוואָרן ממש אַן אַנדער מענש,

אינגאַנצן אַן אַנדערער, איך דערקען אים מער ניט. ס'איז פאַר־שטייט זיך, ניט אנגענעם, און אפשר אויך ניט גוט, אַזוי צו רעדן — אָבער ווי קאָן מען זיך איינהאַלטן? איך דערווייז אים אַ זאַך, וואָס קיינער לייקנט עס ניט אָפּ. די קליינבורזשואַזיע מוז אָפּטרעטן איר אָרט אין דער אינדוסטריע און אונטערגיין, און ער... ער האָט ניט געזאָגט, אַז אים האָט זיך איינגעגעבן דער־ווייזן דעם היפּוך, אָבער צי האָט איר ווען געהערט אַזאַ מין אַר־גומענטאַציע? משה אהרן איז קראַנק, הוסט מיט בלוט, קליינע קינדער... ובכן — רחמנות? אַלזאָ, רחמנות אויף דעם שפּין און ניט אויף דער פליג, וואָס מע זויגט איר בלוט? אָפּגעבן גערעכט דעם עקספּלואַטאָר. ס'איז דאָך אַ געלעכטער! — האָט פרענקל צולעצט זיך צעהיצט,—איך זאָג אים, אַז דער פּראָצעס...

— ער ליגט נאָך איצט אויך? — האָט אים בלומין איבער־געשלאָגן.

— ניין. ער ליגט ניט צו בעט. חס ושלום. דאָס איז נאָר אַבּ־ראַמזאָנס אַ מליצה — ק ר אַ נ ק... אַ גאַנצן טאָג זיצט ער מיט אונז אין וואַרשטאַט און קאָמאַנדעוועט. אמת, ער איז ניט איבע־ריג געזונט, אָבער דאָך ניט אַזאַ שווערער חולה, ווי ער, אַבּראַמ־זאָן, וויל איינשמועסן...

— ווער איז ניט קיין חולה?

— משה אהרן... דער באַלעבאָס...

— און איך פרעג וועגן אַבּראַמזאָנען...

שלמה האָט זיך פאַרשעמט. — אַבּראַמזאָן איז שוין אויך ניט קראַנק. דעמאָלט, אַז ער איז געקומען, האָט ער זיך באַ־אומרוהיגט אַזוי פיל, אַז ער האָט אים צוגערעדט רופן פיינער־מאַנען. נאָר ער האָט ניט געוואָלט. ער באַניצט זיך ניט מיט קיין דאָקטוירים, אויסער מיט כאַווערשטיינען, וואָס היילט אים די ציין. בכלל, איז עס משונה. אין צ. איז ער ניט געווען אַזעל־כער...

— יאָ, האָט זיך געענדערט... — האָט יעווא איסאַקאָווגאַ אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך אַליין. — און איך האָב געמיינט, אַזאַ

מענש, ווי ער, וועט זיך ניט גיך ענדערן... וואָס טוט ער גאַנצע טעג?..

— אויף מאָרגן איז ער געזונט געוואָרן. וואָס ער טוט? ער טוט גאָרנישט. ליגט אָן שום אַרבעט. ס'רוב איז ער נישטאָ אין שטוב. איך זעה אים זעלטן אין אונזער צימער... דאַווי־דאָווסקי דער עלטערער פאָרט דאָך קייך ב. זיך זוכן שטונדן... דאָ זיינען שוין „די קאָרטן אָפּן"... און ער מוז שוין האָבן אַ ניי אָרט... אַלזאָ, פאָרט ער די טעג. און זיי קאָנען זיך ניט צעשיידן. טעג ווי נעכט, טעג ווי נעכט זיצט ער ביי אים.

און פרענקל האָט גענומען רעדן פון אַ צווייטער זאַך.

---

קאַלטע, שטעכיגע רעגן־טראָפּנס האָבן געשמיסן אין פּנים אַריין די דורכגייערס. דער פוילער און צעקראָכענער נעפּל האָט אָנגעוואָרפן אַן עלנט און ווּיסטעניש אויף די דורכגנעצטע. אַ נאַסער אָוונט, פון יענע, וואָס באַווייגען די ווינטער־גסיסה, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטאָט. א. און איר פאַרפינסטערט די וועלט. שמואל דאַווידאָווסקי און יעקב אַבראַמזאָן האָבן זיך אומגעקערט פונם באַנהויף. זיי האָבן אַהין באַגלייט אוריאלן, וואָס איז אַוועקגעפאָרן מיטן אָוונט־צוג קיין ב., אין דער נאָהענט־סטער גובערניע „פּרוואָון זיין מזל אויף אַ נייעם אָרט".

— נו, שמואל, זיי געזונט און גליקליך — האָט זיך מיט אים אוריאל אָפּגעזעגנט — גליקליך לויט דיין כאַראַקטער און מיט דער באַציהונג, וואָס פּאַסט, פאַרשטייט זיך. ניי מיט אָט דעם דאָזיגן גלויבן דיינעם. זאָרג פאַר דער מאַמע און פאַר די קליינע קינדער...

אַבראַמזאָן האָט זיך ווי צונויפגעצויגן אין זיך. צו זיין גרויסן שטוינען, איז זיין שטימונג געווען ניט איבעריג דערשלאָגן.

— איך טראַכט, איך זאָג, — האָט שמואל גערעדט, — אַז פרענקל האָט איצט אוואדי גוט געטאָן, וואָס ער איז אַוועק פון אונז. אין אָנהויב, אַז אוריאל איז דאָ געווען, האָט דער טאַטע מורא

נעהאַט פאַר נעמען „געשעפטן" און קרינן זיך. איך קאָן דעם טאַטן. ער האָט תמיד זעהר מורא פאַר אוריאלן. ער האָט גע־שוויגן, זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כּוחות, האָט זיך איינגעהאַלטן, און איצט — איז אַ נס, וואָס דאָס גביריש קינד איז אַוועק פון אונז. איך מיין, איך זאָג: אַ נגידיש קינד, ניט קיין פּראָלעטאַ־ריער — נאָר פונדעסטוועגן איז זיין אָרט מער אין קאַצמאַנס הויז. דאָרט וועט ער ווערן אַ מענש!..

ער האָט געשפּאַנט מיט זיינע ברייטע שפּאַן. האָט זיך אומ־געקוקט אויף אַלע זייטן און ניט אויפגעהערט צו רעדן אין דער שטיל וועגן כאַוועשטיינס און גרינגאָרי ניקאָלאַיעוויטשעס אַרבעט. דעם צווייטן האָט ער די לעצטע צייט ליב געקראָגן, האָט זיך תמיד באַרימט מיט זיין חברן זיך מיט אים און האָט נאַאיוו צו הויך אָפּגעשאַצט „דעם גויאישן סטודענט".

— דאַן האָב איך אויך געהאַלטן אַ טאָסט... ברידער!
— האָב איך געזאָגט, — איך מיין, איך זאָג: היינט איז געוואָרן פינף יאָר, זינט די באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אויך אין אונזער שטאָט. אונזער שטאָט א., איך מיין, איך זאָג, — אַ גרויסע אינדוסטריעלע שטאָט. אָבער צוליב פאַרשיידענע „לעבנס־באַדינגונגען און קולטור־סיבות", איך זאָג... בקיצור, אַב־ראַמזאָן, איך האָב גערעדט מער ווי אַ האַלבע שעה... און ער (דאָס האָט ער, זעלבספאַרשטענדליך, געמיינט: פּעטראָוון) איז איבעראַשט געווען פון מיין רוסישער אויסשפּראַך און האָט געזאָגט, אַז זי פאַרבעסערט זיך מיט יעדן טאָג. און ער האָט ניט געזאָגט קיין ליגן: איך פיהל אַליין, אַז יעדן טאָג הויב איך אַליין בעסער אָן אויסצודריקן מיינע געדאַנקען אין ריין רוסיש. אמת, דער אַקצענט...

אַבראַמזאָן האָט אויף אים אַ קוק געטאָן. פון שמואלס רייד האָט ער איינגעהערט אַ צעהנטל (בכלל איז ביי אים די לעצטע צייט געוואָרן גרעסער זיין געוועהנהייט צו הערן, וואָס יענער רעדט, שאָקלען מיטן קאָפּ: יאָ־יאָ־יאָ, און גאָרנישט פאַרשטיין), ער האָט אָבער געזעהן זייך אָרענטליכן, ענערגישן און פולן מיט

פלאם און פייער פּנים, און האָט געטראַכט: אָט דער דאָזיגער מענש, וואָס פאַר אים איז ניטאָ קיין נאַציאָנאַלע פראַגע און וואָס די מלוכה־קולטור, וועלכע ער האַלט פאַר זיינע, באַפרידיגט אים אינגאַנצן, — צי איז ער דען נידעריגער פון אַנדערע מענשן? זאָל זיין „ריין רוסיש!“ איז וואָס? אינדערראַמתן געזאָגט, די יידן וועלן פון דאַנען ניט אַוועק. דאָ איז די לעצטע סטאַנציע, אַ סך וועלן אַנטלויפן, נאָר דער רוב וועט פאַרבלייבן און דאָ וועלן זיי מוזן לעבן...

דאַן האָט זיך נאָכגעשלעפּט און אויפגעשוואומען פּלוצים אַ נייער געדאַנק: און ער, אַבראַמזאָן, ער אַליין, צו וואָס זאָל ער פטרן זיין לעבן? ביז ווי לאַנג נאָך?

ביז ווי לאַנג נאָך וועט ער זיך וואַקלען? ביז ווי לאַנג נאָך וועט ער ניט אָפּטרעטן פון דער בית־עלמין־שטוב? ביז ווי לאַנג נאָך וועט ער פון זיך אַליין מאַכן אַ תּל, און ניט פאָלגן אירע רייד, די רייד פון לעבן, וואָס רופן צו פרייהייט.

איינער פון זיינע קלאָרע געדאַנקען, וואָס זיינען נאָך אים פאַר־בליבן, האָט זיך דערוועקט און אים געזאָגט: יעקב בן יצחק, וואָס פאַר אַ פרייהייט? דו פאַרלוירענער און פאַרשטויסענער, איז דען פאַר דיר נאָך פאַראַן אַ פרייהייט? דו וועסט קומען אַהין, נאָך דעם אַלעם, וואָס דו ווייסט, צעבראָכן און צעבראָקלט, אָן אַ שום גאַנצן אבר— און וואָס וועסטו דאָרטן טון?

אַז ער איז אָבער צוגעגאַנגען צום בריק, האָט ער זיך דער־מאָנט אָן יענעם אָוונט און די זאַך איז באַשלאָסן געוואָרן. דע־מאָלט האָט ער עס ניט געקאָנט פאַרווירקליכן, און איצ־טיגע נאַכט וועט ער עס טון. ניין, ניט „קענגשטעלן די בלינדע סטיכישע קרעפטן דעם פרייען טויט“, ווי ס'האָט אים אַ וואונק געטאָן יענער, וואָס איז היינטיגן אָוונט אַוועקגעפאָרן „צו פּרוואוון זיין נייעם מזל“. ניין, ער וועט לעבן! ער וועט נאָר באַזייטיגן די ווידערשפּרוכן, אַ גאַנצער מענש דינט ניט קיין צוויי געטער... געוווּנט זיין צו קלאָגן פאַרן „כּותל המערבי“ אויף די שפּאַלטן, וואָס קאָנען ניט צונויפגעניטעוועט ווערן!

אַבּראַמאָן האָט געפּיהלט, ס׳ווערט אים אויסגעריסן אַן איינגעפּלאַנצטער בּוים. דאָס איז דאָך דער אינהאַלט פון זיין לעבּן אין משך פון פיל שווערע יאָרן. ווי אַזוי וועט ער עס קאָ־נען דערלאָזן? פאַרמעט און אותיות ווערן פאַרבּרענט, פאַרמעט און אותיות ווערן פאַרבּרענט...

און אפשר וועט ער נאָך צוואַרטן עטליכע טעג? אפשר איז גאָר דער גאַנצער טאַט פאַר זיך ניט נויטיג?

אַבּראַמזאָנס פאַרבּרענטע ליפּן זיינען געווען האַלבּ אָפן. ער איז געווען אינגאַנצן — פאַרוואונדערונג. זיין פּנים האָט גע־פלאַמט. ניין, ניין, ניין! ער מוז דאָס בּאַלד טון. ער מוז גובר זיין זיין שוואַכקייט און פאַרקערפּערן זיין ווילנסקראַפט. אַהער אָדער אַהין! ער מוז פאַרטיליגן אינגאַנצן זיין פאַרגאַנגענהייט, זי פאַרטיליגן און צעשמעטערן, צעבּרעקלען און פאַרבּרענען... און אָנהויבּן אַליין פונסניי!

און אַריינגעקומען אין שטוב, האָט שמואל דאַווידאָווסקי גע־זעהן, ווי יעקב אַבּראַמזאָן נעמט זיין פּעקל שריפטן און וואַרפט עס אַריין אין הרובע. דאַן האָט ער געוואוסט, אַז מע האָט אַנט־דעקט אויף געוויס עפּעס קאָנספּיראַטיווועס און מע דאַרף עפּעס פאָרנעמען קעגן דער געפאַר.

די אויפגאַבּעס פון דעם העבּרעאישן שאַפן אין אונזער עפּאָכע — גרויסע, קלאָרע, צעשפּרייטע ווערטער... דאָס פייער האָט אַ פלאַם געטאָן און אַ לעק געטאָן זיי.

---

און אין דער דאָזיגער צייט האָט מען דערציילט דוד בּן ישי אַזוי: ס׳איז אַ געפאַר לאָזן די בּיבּליאָטעק אויף אַבּראַמזאָנען...

און דוד בּן ישי האָט געענטפערט:

— איך, — דאָס האַרץ האָט מיר נאָך צוריק מיט צוויי וואָכן דאָס געזאָגט; איך בּין פאַרבּייגעגאַנגען די בּיבּליאָטעק און האָבּ אַ טראַכט געטאָן: לאָמיך נאָר אַריינגיין אַ קוק געבּן. נו...

„מהרסיך ומחריביך ממך יצאו" (דיינע צעשטערער און אויס־ראָטער נעמען זיך פון דיר אַליין).

— און מיינע ווערטער דאַרף מען טאַקע מיט גאָלד וואָגן! — איז אויך כּאַספּאַניק אַריין אין התפּעלות און זיין שטים איז כּמעט געוועןְ רוהיג און שטיל — איך האָב שוין לאַנג ניט איינ־מאָל געזאָגט: דאָס איז נישט קיין געשטעלטער מענש, ניט קיין געשטעלטער...

— אַ שאָד! — האָט אויך יצחק ריווקעש זיך באַלעקט, גלייך די ווערטער וואָלטן האָניג געווען ביי אים אין מויל, — אַ שאָד... אַ שרייבער — און אַזאַ ניט געשטעלטער מענש!

און ביידע האָבן טריאומפירט. אמת, דער נצחון איז געווען ניט קיין גאַנצער, זיין חדר־מתוקן איז אַליץ מער געפאַלן. די „בעלי־בתים" האָבן זיך סוף כּל סוף איבערגעצייגט, „אַז דער גאַנצער ענין איז מער ניט ווי „אַ שפּילכל" און אַ „מהכא תיתי"־זאַך. די נייע פּאַרטעס האָבן זיך אָפּגעריבן און אָנגעוואוירן דעם גלאַנץ. דער „נאַטורעלער מעטאָד" האָט געגעבן כּלל ניט קיין נאַטירליכע פּרוכט. אָבער אַ שטיקל נחמה איז אין דעם געווען: דער צווייטער חדר־מתוקן אין שטאָט, וואָס האָט מיט אים קאָנ־קורירט דעם פאָריגן ווינטער, האָט זיך איינגאַנצן פאַרמאַכט, ווייל ס'זיינען ניט געווען קיין תּלמידים, און כּאַספּאַניק האָט פאַר־זיכערט, אַז אָט דער דאָזיגער פאַקט דערווייזט קלאָר, אויף וויפיל זיין מעטאָד איז בעסער פון זיין קאָנקורענטס מעטאָד.

און דערווייל איז די ציוניסטישע ביבליאָטעק ווידער געוואָרן חשוב און גרויס, ווי אין דער צייט, ווען זי האָט געהאַט זעקס ביבליאָטעקאַרס — „די זעקס מנורה־רערן פון דער אגודה „בני־ציון", ווי דער סעקרעטאַר האָט זיך איינמאָל מליצהדיג אויס־געדריקט.

צווישן די באַזוכער האָט געפעלט נאָר זלמנס אָרט. ער, זלמן, איז געלעגן אין שפּיטאָל און זיינע טעג זיינען געווען גע־ציילטע.

## כ.

אַבראַמזאָן האָט געזאַמלט מאַטעריאַל פאַר אַ ניי אַרטיקל. ער האָט זיך געקליבן אָנשרייבן אויף רוסיש אַן אַרטיקל, וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע נאַציאָנאַלע פראַגע.

„וועגן דעם, וואָס ער איז זיך אַוועקגעגאַנגען האָט ער ניט פיל און ניט קלאָר געטראַכט, נאָר עפעס ניט ווילנדיג איז זיין שטים און אַ ר ט רעדן און באַוועגונגען געווען זעהר ענליך צו י ע נ ע מ ע נ ש ן.

— אין תוך גענומען, בלומין, — האָט ער איינמאָל געפרואווט דערקלערן יעווזאַ איסאַקאָוונאַן זיין הויפט שטאַנדפונקט פון זיין נייעם אַרטיקל — אין תוך גענומען, האָב איך זיך אַרומגעקוקט, יאָ, איך האָב זיך אַרומגעקוקט, אַז אַלע, וואָס דערקלערן די דאָזיגע פראַגע, גייען, אין תוך גענומען, מיט איין גאַנג אויף איין אויסגעטראָטענעם וועג. יאָ. אָנשטאָט אַלזייטיג צו לייזן די זאַך, שטעלן זיי, אין תוך גענומען, אַרויס, נאָר די פאָליטישע זייט און פאַרטושן אַלע איבעריגע זייטן. יאָ. אויף אַזאַ שטייגער נעמען זיי אַראָפּ די פראַגע אינגאַנצן. צו ל י י ז ן די פראַגע — איז שווער; אַראָפּנעמען זי — איז גרינג...

— און דו, יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, צי גייסטו ניט אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג? — האָט אים בלומין פרעהליך און מיט איר ליבער שטים אַ פרעג געטאָן.

— זאָל דער, וואָס הויבט אָן, זיך ניט באַרימען — האָט אַבראַמזאָן גערן געענטפערט — אָבער, ווי מיר שיינט, איז מיין שטאַנדפונקט דער סאַמע ריכטיגער. יאָ, אין תוך גענומען, ליגט דער שווערפונקט כלל ניט אין דעם: צי געהערט דער מענש צו

אַ רוסישער אָדער דייטשישער פֿאַמיליע. דער שווערפּונקט, אין תּוך גענומען, איז דאָך סוף כּל סוף — די א י ר אָ פּ ע א י ש־ק י י ט. כ׳פֿאַרשטיי, כ׳פֿאַרשטיי, גוט, איך בין ניט קיין קאָסמאָפּאָליט. איך רעד איצט נאָר וועגן מ ע נ ש ן. אין תּוך גענומען, איז די פֿראַגע: דער דאָזיגער מ ע נ ש וועט דאָך ניט זיין גערעכט, אויב ער וועט אַרויסגיין און זיך באַרימען: איך בין אַ פֿראַנצויז, איך בין אַן ענגלענדער! נאָר, ווי מיר דאַכט, קאָן ער זיך דערהויבן און זאָגן: איך בין אַן אייראָפּעער, זעלבס־פֿאַרשטענדליך, אין קעגנזאַץ צו ניט־אייראָפּעאישקייט, אין קעגנ־זאַץ... אך, מיין קאָפּ טוט מיר וועה...

דער קאָפּוועהטאָג איז געוואָרן ביי אים שטאַרקער, הגם אַזאַ טאָג, ווי „יענער טאָג“, האָט זיך שוין מער ניט אומגעקערט אין יענע עטליכע וואָכן.

---

דעם אַרטיקל וועגן דעם נאַציאָנאַליזם האָט אַבראַמזאָן אָנ־געשריבן אויף רוסיש, אָבער שטריכן „פֿאַר זיך אַליין“ האָט ער געשריבן אויף העברעאיש. און פֿון די שטריכן „פֿאַר זיך אַליין“, וועלכע ער האָט געשריבן אין איין פֿרימאָרגן פֿאַרן לעצטן אָוונט, זיינען פֿאַרבליבן עטליכע בלעטלאַך:

„געווען אויף די גאַנצע נאַכט. איצט האָב איך זיך אומ־געקערט“.

„ובכן, זיץ איך נאָך אַליין פֿאַר מיין א ו מ ק ע ר ן ז י ך“.

---

„איצט האָב איך זיך אומגעקערט פֿון מיין נאַכטאַרבעט — אַ המשך פֿונם פֿולן אומקערן זיך, וואָס איך האָב זיך אומגעקערט צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן“.

„איך האָב זיך אומגעקערט. איך האָב זיך דערווייטערט פֿון אַ בת־קול, זיך דערווייטערט, כּדי זיך מער ניט אומצוקערן“.

„פֿאַרלאָזט אַ בת־קול, פֿאַרלאָזט, כּדי זיך מער ניט אומקערן. פֿאַרלאָזט. ס׳ברומט שוין מער ניט ווי אַ „טויב“ אין מיינע אויערן. ניטאָ מער קיין בת־קול פֿון באַרג חורב פֿאַר מיר!“

---

„וועמען האָב איך דאָ און וואָס דאַרף איך דאָ ?

כאַוורשטיין... וואָס האָט צו טון אַ מענש, וואָס זוכט אַ גאָט מיט אָט דעם כאַוורשטיינען, וואָס נויטיגט זיך ניט אין קיין גלויבן און באַנוגנט זיך מיט דעם פּוס, מיטן שפּרינגען אויבן אָן און מיט אַ ברעקעלע גוצן ?

פּעטראָוו... וואָס האָט צו טון אַ מענש מיט וועלט־שמערץ און גרייזגרויער דערהויבנקייט מיט אָט דעם פּעטראָווען, וואָס האָט קיינמאָל ניט געטראַכט עטליכע מינוט דורכאַנאַנד און וואָס זיין שכל איז אויסגעשאַרפט, און די שאַרפזיניגקייט פון זיין שכל איז איין און דאָס זעלבע, סיי בעת ער „אוכאַזשעוועט" נאָך זעל־דען, סיי בעת ער דרשנט וועגן אַ מאָראַלישקייט ?

די איבעריגע... וואָס קער איך זיך אָן מיט די בלינדע, טעמפּהאַרציגע, ליגנערס, נאַראָנים ?

חוה, זי, זי, אַ ליבע, ריינע נשמה...

אָבער וואָס האָט צו טון אַ צעבראָכענער מענש, אַ מידער זקן, ביי וועמען זיין נשמה־בראָך איז גרויס, ווי דער ים, מיט איר, וואָס איר נשמה־בוי איז אַזוי איינפאַך, איינפאַך, און אינגאַנצן איז זי נאָך אַ ניט באַאַרבעט פעלד, אַ ניט באַאַרבעט."

---

„חוה ?

אָבער דאָס איז דאָך קלאָר ווי איר זונענפּנימל. פ ו ן מ י י ן מ ו י ל ה ע ר ט ז י ך אַ ש ל ע כ ט ע ר ר י ח.

אַ שלעכטער ריח הערט זיך פון מיין מויל. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געקושט קיין פרוי און נאָך קיינמאָל ניט געטאַנצט.

דאָס איז קלאָר, ווי איר פּנים: ז י איז באַשאַפן געוואָרן אַ נאָרמאַלע, ע ר איז באַשאַפן געוואָרן אַ נאָרמאַלער...

ער? דער, וואָס זאָגט אַליין אויף זיך עדות, אַז ער איז אַן אַמאָראַליסט, וואָס לאַכט פון מאָראַל... איז דאָס ניט קיין געלעכטער ?

יאָ. דער סטודענט פּ. שטייט איבער דער מאָראַל, העכער פון יעקב בן יצחקן, איז געזינטער פון יעקב בן יצחקן. יעקב בן יצחק האָט ניט וואָס צו געבן. זאָל ער נעמען, זאָל ער נעמען...״

---

„אויף דער נאַכט.

איך האָב דאָך איר אַזוי געזאָגט בייטאָג: דער סטודענט פּ. רעדט שען וועגן לעבן: דאָס לעבן איז גוט, דאָס לעבן איז זיס, לאָמיר דינען דעם לעבן — זאָל דאָס לעבן זיין געבענשט! און אויב דו וועסט זאָגן — פרעגט תוספות די קשיא, — און וואָס וועט זיין מיט יענער שטים, וואָס פּליסטערט צו אונז פון אַ ווינקעלע, אַז סוף כל סוף צו וואָס דער גאַנצער טאַרעראַם? און אַז מ׳וויל, קאָן מען זאָגן — פאַרענטפערט ר׳ גריגורי בר׳ ניקולוס דעם תירוץ און מיט אַ מין גדלות, — אַז די קשיא איז נאַריש, אַז מ׳דאַרף כלל ניט זוכן דעם תירוץ, ווייל מיר וועלן אים אייביג ניט געפינען. זאָל זיין געבענשט דאָס לעבן! גוט, גוט, אַ ברכה זאָל קומען אויף דעם, וואָס גיט אַן ענטפער! אָבער אויב דאָס איז אַ תירוץ פאַרן לעבן בכלל, צום וואָרט „לעבן״. אָבער אין זיין אַבסטראַקטן, העכערן זינען קאָנען מיר דאָך אין אַן ענגער שעה פון אים אַ קלאָץ־קשיא מאַכן, דאָס הייסט: אַ גאָט און זיך בוקן צו אים, — קומט דאָך אויס, אַז בנוגע צום איינצעלנעם מענשן איז דאָס כלל קיין תירוץ ניט.

ר׳ גריגורי בר׳ ניקולוס איז פון די גרויסע קאָמענטאַטאָרס, ווי דער בעל־התוספות. און הגם איך, יעקב אַבראַמזאָן, בין אַ פשוטער שבפשוטער, וואָס האָט אפילו ניט מורא פאַר דער מע־טאַפיזיק, ווי דער סטודענט פּ. אַליין, און בין אויך ניט קיין פילאָ־זאָף, ווי דער סטודענט פּ. אַליין, און דאָך האַלט איך אין איין פרעגן וועגן דעם ווערט פונם לעבן. זעהר גוט: קיינער פרעגט ניט, אַלע זיינען זיכער, אַלע ווייסן אָדער נויטיגן זיך ניט צו וויסן, נאָר איך פרעג און איך קאָן נישט ניט פרעגן, איך שטיי אַנטקעגן דעם לעבן און פרעג. איך זוך ניט קיין נחת,

איך וויל ניט קיין זעט, איך באַגער ניט קיין גליק, איך שטרעב ניט צו ליידלאָזיגקייט, אָבער איך זוך אַ ווערט, אַן אינ־האַלט, אַ זינען!

אין גאָטס נאָמען! זאָל קיינער זיך ניט דערוועגן מיך רופן „אומגליקליכער"! איך מאָן ביי קיינעם נישט. איך האָב קיין טענות ניט צו גאָרנישט, אַזוי ווי קיינער, חוץ דעם לערנייִנגל פּרענקל, האָט צו מיר קיין טענות ניט. איך בין ניט קיין מאָנער, און בין אויך ניט קיין שוואַכער. מיין קראַפט איז טויזנט מאָל שטאַרקער פון די אַלע טומלענדיגע, וואָס דרעהען מיטן עקעלע, וואָס קלאַפּן מיט זייער ליימענער גראָשענער פּושקע, וואָס בלאָזן אין טרומייטל זייער נצחון. אויב איך בין אַ שעמעוודיגער, איז דאָס ניט, ווייל איך האַלט זיך נידעריגער פאַר זיי, נאָר, פאַרקערט, ווייל איך האַלט זיך אָן אַ מאָס חשובער און העכער פאַר זיי. אָבער איך באַגער גרויסעס — וואו זיינען די זיילן, וואָס איך זאָל זיי צעטרייסלען? ווער זיינען מיינע פיינט, מיט וועלכע איך זאָל מלחמה האַלטן? דאָס שלעכטע וואָסער איז פאַרפרוירן געוואָרן און דאָס וואונדפלייש איז פאַרצויגן — און קיין רפואה איז ניטאָ. די ערד איז קופער. דער הימל — אייזן. זאָל קומען פּ. און זאָל ער טריאומפירן!"

## כא.

בײַ מנשה קאַצמאַנען האָט מען שױן לאַנג אַרױסגענומען די אינעװעניגסטע פענסטער: אין דרױסן איז געװען פריהיאָר — חול=המועד=פסח. זינאַאידאַ מאַקסימאָװנאַ איז שױן לאַנג געשטאַנען פון דער זײַט פענסטער, װי איר שטײגער אום זומער, דעם נאַקן צום דרױסן און דאָס פנים אין שטוב אַרײַן, איר קלײן, דין און געטאָקט נעזל האָט זיך שױן אָנגהױבן צוזאַמענציהען און איז געװען רײַצנד שען, — אַ רמז אױף די קומענדיגע פרײַעטעג, — און נאָר װי אַ זכר צו דער קעלט, װאָס איז אַריבער, פלעגט זי זיך אײַנװיקלען אין דער מוטערס גרינער און צעריסענער שאַל: די דאָזיגע װאַרימע שאַל האָט פאַרדעקט איר דעם קאָפ און אפילו דעם שטערן און אונטער אים האָבן זיך אױסגעצױגן די לאַנגע װיהעס מיט אַן אָפענער קאָקעטעריי, װאָס רײַצט אַלעמען, אַ זומער=קאָקעטעריי, װאָס קײנער קאָן ניט בײַשטײן קעגן איר. זינאַאידאַ מאַקסימאָװנאַן איז געװען רירעװדיג און גרינג אױפצונעמען יעדערן, װער ס'איז אַרײַנגעקומען אין שטוב אַרײַן און אױסבעטן בײַ אים, װאָס ס'לאָזט זיך בעטן, און צונעמען מיט געװאַלד, אַלץ װאָס מעגליך: אַ נאָזטיכל, אַ קעמעלע, אַ מעסערל — און דער עיקר, פאַרשרײַען אים די אױערן מיט איר פלאַמענדיגן געלעכטער, װאָס האָט זיך אָנגעהױבן מיט אַ שאַרפן און פלוצימדיגן טאָן און זיך פאַרענדיגט — מיט אַ פאַרבײַסן די אונטערשטע ליפ און מיט אַן עפענען דאָס לאַנגעקיגע מױל. אָ, דער דאָזיגער פלאַמענדיגער געלעכטער — װיפיל באַלעבאַטישע בחורים האָבן זיך נאָכגעשלעפט נאָך אים און זײ פון װעג אַראָפגעשלאָגן!

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ ! — איז זינאַאידאַ מאַקסימאָוונאַ געשטאַנען און געשריגן — פּאַפּאַ, בראַוואָ, מצה ! שמואל דאַווידאָוויטשקי טראָגט אונז מצה ! אָט דאָס איז אַ קאַוואַליער ! איך האָב אים נאָר איינמאָל געבעטן און ער פאַרגעסט שוין ניט. אָט ווער עס פּאָלגט אַ באַרישניע ! פּאַפּאַ ! מצה !

— אדרבא, אדרבא — זאָל איך אַזוי לעבן, איז דער פּאַפּאַ צופרידן מסכים, — אדרבא, רבי שמואל, לעג מיר אוים די מצות פאַר אונז, וועלן מיר אויף זיי אַ בליק טון. גיב זיי נאָר אַהער, שעם זיך ניט ! אלא וואָס ? טאָמער וועט דורך דעם יענער פאַרשווין, כ׳מיין אַבראַמזאָן, מיין איך, וואָס זיצט דאָ, געשטרויכלט ווערן און וועט נאָך מיינען, אַז מיר האָבן גאָר ניט געבאַקן קיין מצות ? זאָל דיך דער הייליגער אמת אָפּהיטן פון אַזאַ אמת, מיין טיפער, ווי דער תהום, פריינט. חס ושלום ! זעהסטו, דער אמת איז מיר הייליג, וואָס אמת איז אמת. מיין טאָכטער ראָזאַליאַ מאַקסימאָוונאַ, וואָס קאָן ספּענסערן און בעבעלן, היט זעהר אָפּ דעם „בל יראה ובל ימצא“ (ס׳זאָל זיך ניט געפינען קיין שום...): חמיץ — אַלע נעכט, און מצה — אין די דאָזיגע נעכט פון פּסח — זאָל איך אַזוי לעבן ! דערויף איז זי דאָך פאַמיליע מאַקסי־מאָוונאַ, דעם דאַנטיסט כאַווערשטיינס אַ ווייב, אַ פריצע ! אָבער מיין גיטעלע האָט ליב אַזאַ מענש, ווי איך, די פּראָסטע גיטעלע, יעדער פּראָגרעסיסט באַדויערט עס, גיטעלע דאַרף — אַ צער־בעל־חי — האָבן צו טון מיט אַלע פאַנאַטישע יענטעס, וואָס ווילן איר ניט אַנטלייען קיין טעפּל, בקיצור — גיטעלע האָט נאָך ניט דערגרייכט און קאָן ניט דערגרייכן צו ראָזאַליעס מדרגה. זי — מיין חכמה, ברוך השם, גאָט זאָל איר דערלענגערן די יאָרן ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר — זי האָט זיך איר שטענדיגן פּזמון פון באַלד נאָך פּורים אָן : מנשה, מצה ! מנשה, מצה !.. איך זאָג : אפשר וואָלטן מיר אויסגעקומען, גיטעלע, אָן מצה ? קומען מיר דאָך אוים אָן חמיץ, גיטעלע ?.. און זי : אָבער ניין, דווקא מצה—מנשה!.. און מע שטורכעט: מ נ ש ה און ניט מנשהלע. בקיציר, געמוזט אַליין זיך נעמען צו דער אַרבעט, מיר האָבן גע־

באַקן, זי האָט געקאָמאַנדעוועט, מיר האָבן געבאַקן, זאָל איך אַזוי לעבן, נאָר איך וועל אייך זאָגן שטילערהייד און באַשווער אייך מיטן הייליגן חמץ, איר זאָלט קיינעם ניט דערציילן: אַ בּי־סעלע, אַ בּיסעלע האָבּן מיר געבּאַקן, אפשר נאָר פון יוצא וועגן פאַרן רבונו של עולם — גיטעלע איז אַ חכמה און אַן עסטעט, ברוך השם, — נאָר... נאָר... נו, זאָל זיין אַזוי: פאַרן גביריש קינד אונזערס, זאָל איך אַזוי לעבן. ניט אַזוי, גביריש קינד? גיטעלע טענהט, דער עיקר: מנשה, מנשה, אַז מיר וועלן ניט באַקן, אל תּפתּח פּה לשטן, קיין מצות, וועט פרענקל ברוגז ווערן אויף אונז און וועט נאָך אַוועקפאָרן — די שעה זאָל נאָר ניט זיין — און וועט אַוועקפאָרן אַהיים. ווייל ער האָט, איך מוז נאָך אַמאָל אויסזאָגן אַ סוד — געקעמפט, רבותי, שטאַרק געקעמפט מיטן יצר־טוב, וואָס האָט אים אָנגערעדט פאָרן און שטעלן דעם פּאַפּאַ קשיות, יאָ, — האָט זיך געראַנגעלט און האָט אים בּייגעקומען. דער צד שכּנגד האָט אים דערוויזן, אַז ער האָט ניט וואָס צו פאָרן, וועט אייביג ניט פרעגן, ווייל ער איז דער ייִנג־סטער צווישן די פיר בּנים... טפו, תּורה זאָגן צווישן גויים. אַלזאָ, האָבּן מיר אַ בּיסעלע געבּאַקן... און חמץ טאָר מען דאָך איצט ניט עסן: פּסח. דעריבּער אַ דאַנק אים, יענעם פּאַרשוין, וואָס איז פלאַמפייער און זומפוואַסער, דערפאַר וואָס ער האָט גע־בראַכט, ווי מיין זינאַאידאַ האָט אים געבעטן, אַ בּיסעלע מצה. אַלזאָ, מאַקסימאָווגאַ, דו גיי דיר. דו דאַרפסט דאָך ניט קיין מצה. מילא, איך, אַלטער בּדחן, וועל שוין שטאַרבּן אַ ייִד, אָבּער דו ווילסט זיך דאָך שמדן, אויב נאָר ער וועט הייסן, ער, ווען מיר דאַרפן פּאָלגן און וועמענס וואָנסן מיר דאַרפן ליב האָבּן און פון וועמעס שיכּבּענדל מיר דאַרפן אַריין אין התפעלות, זאָל איך אַזוי לעבּן. אפשר דאַרף מען עס אפילו ניט, אפשר וועט אַפילו פרענקל אויך ניט איינלענגן קיין ווערט און כאָטש אינדעראמתן זיינען אָן זיין פּאָטער „נדר־נאַ־אַ לאָ נד־רי־רי" און זיינע מעלות זיינען קיין מעלות ניט, אָבּער זיין פּסח, זינאַאידאַ מאַקסימאָווגאַ, דו זעה נאָר זיין פּסח. זעה

נאָר וויפיל כרעמזלאַך, וואָס ער פלעגט עסן דאָרט, האָט ער דאָ מקריב געווען אויפן מזבח פון נאָט פון פראָגרעס לכבוד דער, וואָס איז אַ כהן אין זיין בית־המקדש. אַ? ווי מיינסטו? וואָס איז בעסער?

— און איך זאָל אַזוי געזונט זיין, — באַמערקט מיט ערנסט דער, וואָס האָט געבראַכט די מצה — האָבן ניט געזעהן, ווי אַ פּראָלעטאַריערס טאָכטער זאָל זיך שמדן. איך האַלט, איך זאָג, די רייבונגען זיינען פאַרשטענדליך. פאַר אַ פּראָלעטאַריערס טאָכ־טער איז ניט קיין גרויסע נפקא מינה, ניין, אינדעראמתן, גיט נאָר אַ קוק, וויפיל האָבן זיך פאַר מיין צייט רייכע געשמדט: יאַקובאָוויטשעס זון, מיטלמאַנס טאָכטער, גרינשפּאַנס טאָכטער, לורסקים צי נורסקים, דער שד ווייסט אים, איידעם, דעמס טאָכ־טער... בקיצור אַ סך, אַ סך, און אַלע קאַפּיטאַליסטן־קינדער!

— און צי דען דערפאַר האָסטו זיי פיינט? — זעהט יידל־מאַן, אַז דער פּשוטער אַרבעטער זאָל, חלילה, ניט אַריינפאַלן אין דער נעץ פון פאַראורטיילן, און ער רופט אָן „באַרימטע פרויען", וואָס שמואל און זיינע קינדער דאַרפן זיי ליב האָבן פאַר זייערע מעשים, און זיי האָבן זיך אויך געשמדט און חתונה געהאַט פאַר רוסישע חברים. — וועט דען עמיצער דערפאַר זיי באַליידיגן? ניין...

— אַבראַמזאָן! — האָט די פאַרשייטע זינאַאידאַ פּלוצים איבערגעשלאָגן מיט איר אויסגעשריי יידלמאַנס מוסר זאָגן — און וואָס וועט עפּעס אייער הויכקייט זאָגן דערויף, וואָס איך שמד זיך? אַ? אַבראַמזאָן... אַ?

— זאָל איך אַזוי לעבן, בוקי בן יגלי מיט די ביינער! — שרייט מנשה אוים — אַ פריילין, ווי מיין טאָכטער, זאָל לעבן, ווענדט זיך צו אים מיט אַ פראַגע: וואָס זאָגט ער? און ער זאָגט גאָרניט. אויף אַזאַ שטייגער קאָן דאָך די שטאַרקסטע גאַל פּלאַצן, דער האַרטסטער שטערן קאָן... קאָן... איך ווייס ניט וואָס. זי וויל דאָך וויסן... נו, וואָס וויל זי וויסן?

— באמת, — האָט בורלאַך זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן — וואָס ?

— אַ קליינינקייט : צי וועט ער דעמאָלט זי אויפהערן ליב האָבן ?

— באמת, אַבראַמזאָן, אינדעראמתן, — לאַכט זעלדע — וועסט דעמאָלט אויפהערן, אויפהערן ?

— צוערשט דאַרף מען פרעגן, צי שלאָפט זי איצט ? באַמערקט די באַלעבאָסטע פון דער זייט.

— כאַ, כאַ ! אַ וואונדערליכע באַמערקונג...

— אָבער אַ קאָמעדיע איז דאָך דאָס — שרייט מנשה איבער אַלעמען, — מיין גיטעלע און בורלאַך — דאָס איז איינס. גלייך איין מאַמע האָט זיי געהאַט. שטענדיג זיינען זיי סאָלידאַריש. בלק און בלעם מיט די ביינער...

ער גיט צו אין קלאַמערן, אַז ער האַלט, אַז ס'איז שוין לאַנג צייט בלעם זאָל לערנען מיט בלקן — בלק, און האָט זיך אומגעקערט צו אַבראַמזאָנען, וואָס האַלט נאָך אַלץ אין שווייגן ווי אַ כמאַרע: — או=או=או, איר טשעפעט ניט מיין משיחן. איז ער דען ניט גערעכט : ער ווייסט, פריילין זעלדע, וועט קיינמאָל זיך ניט שמדן.

— פאַרוואָס ? פאַרוואָס ! — פראָטעסטירט די טאָכטער שטאַרק.

— דערפאַר, ווייל דו האָסט, זעלדע מיין טאָכטער, מורא... געגוג אונז און זיך אַליין נאַרן. דו ביזט זעלדע מיין טאָכטער, וואָס האָט מורא פאַר די אייזערנע ריטער אויף יענער וועלט ממש ווי פאַרן מלאך=המות אויף דער וועלט. אָ, איר שונאים, איר שונאים, איר האָט מיך אַלע אַרומגערינגעלט און קיינער לאַכט ניט פון מיינע חכמות. איבעריגנס, דער כבוד ביי די מאַסן איז אויף אַ ווילע. ליב און שפּאָט איז ווערט אַ גראָשן ! שאַ, שטיל זאָל זיין, גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש גייט. שלום עליכם, גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש, שלום עליכם !

און דער באַלעבאָס גייט איצטער איבער פון יידיש אויף אַ צעהרגעטן רוסיש און זיינע שאַרפע ווערטער און ווערטלאַך ווערן ווייניגער, אָבער ער פרעהט זיך אינדערזאַמתן מיטן גאַסט — ביי פעטראָוון אין בייטעלע ליגט געווים קליינגעלט, און ער וועט נעווים שיקן נאָך שטרודל.

— אויב נאַאום איז נאָר ניט קיין פוילער, ווי זיין פאָטער, און ער וועט זיך וועלן מטריח זיין און גיין אין דער בעקעריי, וואָס זיין פאָטער פלעגט עס קיינמאָל ניט טון פון פוילקייט, — ענטפערט נרינאָרי ניקאָלאַיעוויטש מיט זיין אָנגענעם קול פון אַ מזל־טוב.

— נאַאום, דאָס הייסט נחומל, אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף, אַ מאָגערער און אַ „שוואַכער, שטאַרק ענליך צו יענע גאַסן־יינגלאַך, וואָס גייען אַרום מיט שאַרמאַנקעס, כאַפּט דעם האַלבן רובל, וואָס ער גיט אים, און לויפט קויפן געבעקס.

באַלד נאָך דעם קומט אויך הער כאַווערשטיין און ראָזאַליאַ, דעם באַלעבאָס טאָכטער, אַ הויכע, קרענקליכע פרוי, וואָס האָט ליב געהאַט דערציילן און איבערדערציילן מיט איר הויכער און אויסגעצויגענער שטים וועגן די ערשטע יאָרן ליבע צו כאַווערשטיין דעם „אוטשעניק", וועגן מאָיסעים (כאַווערשטיין האָט געהייסן — משה) יוגנט, וועגן דעם, אַז ער איז דעמאָלט געשטאַנען פיל העכער, ווי איצט, וועגן זיינע פאָרלעזונגען פאַר איר דעמאָלט, וועגן דאַרווינען און מאַרקסן...

— אַבראַמזאָן איז אויך דאָ? — שרייט אוים ראָזאַליאַ מאַקסימאָוונאַ מיט אַ געמאַכט שטוינען, שוין אָן שום סיבה, דריקט יעדער וואָרט און מאַכט אַ גרויסע פויזע פון איין וואָרט צום צווייטן, ווי איר שטייגער איז — און וואו איז יעווגאַ איסאַקאָוונאַ? נאָך ניט געקומען פון אירע לעקציעס? אַ רחמנות!.. איר ווייסט, איך האָב זעהר ליב די דאָזיגע פריילין; ווען איר ווייסט, ווי זי האָט מיר געלויבט אַבראַמזאָנען. אַי, אַבראַמזאָן, ווען איר ווייסט, ווי זי, יעווגאַ איסאַקאָוונאַ, האָט עס אייך געלויבט, וואָלט איר ניט געזעסן אַזוי אומעטיג און צעטראָגן...

אירע ווערטער זיפּן זיך דורך אין אַבראַמזאָנס אויערן און ס'דאַכט זיך אים, אַז די רייד פון דער דאָזיגער נאַרין לעבערן, ענגבערן אים. אַזאַ געפּיהל איז ביי אים געווען אויך נעכטן, ווען ער איז געזעסן אין כאַווערשטיינס קאַבינעט און זיך געהיילט די ציין, וואָס טוען אים וועה, און די דאָזיגע פרוי האָט אים ממש פאַרמאַטערט מיט אירע רייד.

— יעווּאַ איסאַקאָוונאַ האָט אים געליבט. — זי, מאַדאַם קאַצ־מאַן־כאַווערשטיין, האָט ליב יעווּאַ איסאַקאָוונאַן. איר שוועסטער זינאַאידאַ האָט אים ניט ליב, אַבראַמזאָנען, און זי ראָזאַליאַ, האָט אים יאָ ליב. איר קאָליע (דאָס איז דאָס יינגל, וואָס מנשה רופט אים אויף צו להכעיס: יקותיאל) וועט אוודאי זיין, וועדליג זיינע וואונדערליכע פּעהיגקייטן, אַ פּראָפעסאָר, און זי קריגט זיך מיט איר מאָיסיעיען וועגן דער דערציהונג. ער זאָגט, זי זאָגט...

און ער זיצט און טראַכט מיט פּחד, אַז אָט די אַלע רייד און אָט די אַלע פּראַזעס, וואָס ער הערט, געפינען ביי אים איצט עפּעס אַ משונהדיגן אָפּקלאַנג, און אַז ער האָט זעהר מורא פאַר דער איינזאַמקייט אין זיין צימער, גייט פון איר און ווערט צוריקגעצויגן צו איר, און אינגאַנצן איז ער עפּעס אין אַ קלעם און אַז יענע שרעקליכע מינוטן דערנעהענטערן זיך, דערנעהענטערן זיך...

"...חציר ינתן תוק גן ירק...
ונצורת לב יחשב חבל —
ובפניה ירק ירק!"

— וואָס באַטייט אָט דאָס דאָזיגע יידישע ליד? — פרעגט גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש.

— דאָס איז ניט קיין יידישס, דאָס איז אַ העבּרעאיש־טער־קישם — ענטפערט כאַווערשטיין און זיין פּנים דריקט ווי אוים: ווען איך קאָן ווערן רויט, וואָלט איך רויט געוואָרן איבער דעם דאָזיגן אַבראַמזאָנען.

— דאָס זיינען פערזן פון אַ יידישן מיטלעלטערישן פּאָעט — ווערט אַבראַמזאָן אויפגערייצט.

פּעטראָוו האָט געוואָלט וויסן די סיבה פון דער מיספּאַ־־
שטייעניש צווישן אָט די צוויי, און אַז אַבראַמזאָן דערקלערט
אים — לאָזט ער אַן אומקלאָרן „אַ״ פון האַלז אַרויס.

אַבראַמזאָן איז בכלל געווען אַ רעטעניש פאַר גריגאָרי ניקאָ־
לאַיעוויטשן. פון איין זייט האָט גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש גע־
וואוסט, אַז דער יידישער גאָט, ווי דאָס האָט שוין לאַנג אָנגעוויזן
מאַרקס אַליין, איז געלט, געלט, געלט, און אויסער דעם איז ניטאָ
קיין אַנדער גאָט. און פון דער אַנדער זייט האָט ער געזעהן, אַ
צאָל יונגע לייט טיילן זיך אָפּ פון זייער פאָלק, פונם געלט־פאָלק,
און דערנעהענטערן זיך צום פאָלק, צווישן וועלכן זיי וואוינען,
טוען אים נאָך, רעדן אויף זיין שפּראַך, לייענען זיינע ביכער און
ווילן זיך באַהעפטן צו אים — צו אָט דעם דאָזיגן קריסטליכן,
אַרישן טיפּוס, וואָס איז טאַקע בעסער און שטייט העכער פאַר זיי.
אָט די דאָזיגע זיינען טאַקע אַלע אָרענטליכע מענשן און זיי זיינען
גערעכט, ווען זיי קלאָגן זיך, אַז איבער די געזעצן, וואָס באַגרע־
ניצן און דריקן, בלייבן אַלע יידן שטעקן אין זייער נידעריגן צו־
שטאַנד. און דעריבער איז אויף יעדן אינטעליגענטן רוסישן מענטשן
אַ חוב צו קעמפן מיט די דריקנדיגע געזעצן. ווייל אינדעראמתן
זיינען די יידן מאום נאָר אַדאַנק געוויסע באַדינגונגען, אָבער
זיינען ניט אויף אַזוי פיל שלעכט, אַז זיי זאָלן ניט פעהיג זיין
זיך אַסימילירן אפילו פון פרייהייט וועגן. אָבער דער דאָזיגער
אַבראַמזאָן — וואָס איז ער? אין פלוג איז ער אויך איינער פון
די, „וואָס גייען אַוועק״, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייער עלטערנס גאָט,
דעם אייפערזיכטיגן גאָט פון געלט, אָבער ס׳טרעפט, אַז ער טרעט
אָפּ צוריק, גלייך ווי ער האָט זיך נאָך ניט אינגאַנצן באַפרייט פון
דער קראַנקהייט פון די „אָרטאָדאָקסן״, די טרעגער פון דער רע־
אַקציע צווישן די יידן.

## כב.

ס'איז געווען צעהן אַזייגער, דער אָוונט בײַ קאַצמאַנען איז געווען אין פֿולן בּרען: דער בּאַלעבּאָס האָט מיט בּיידע הענט געהאַלטן אַ שטיק פּוטערבּולקע; די בּאַלעבּאָסטע האָט דערלאַנגט טיי און געמאַכט, ווי פֿון דער זייט, בּייסנדיגע בּאַמערקונגען; זעלדע האָט געלאַכט, זיך געראַנגעלט, געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס, האָט צוגענומען פֿאַר זיך אַליין, וואָס איז איר געקומען צו האַנט; ראָזאַליאַ מאַקסימאָוונאַ האָט געמאַכט פּויזעס צווישן וואָרט און וואָרט און גערעדט אָן שום פֿאַרבּינדונג וועגן דעם מענשענס אַנטוויקלונג, לויט די ענגלישע געלערנטע, און געהאָלפֿן איר מאַן כאַווערשטיינען אין זיין שמועס וועגן פֿאַרשיידענע סטודענטן און אַרבּעטער; דער „קעמפֿער און שרייבּער" האָט דערוויזן, אַז די בּונדיסטן זיינען גערעכט; שמואל האָט זיך איינגעהערט צו יעדער וואָרט און פּלעגט אָנהויבּן מיט „אַ זאָגט מיר, איך בּעט אייך"; נאָר איין נחומל האָט זיך פֿאַרנומען מיט פּוסטע זאַכן און זיך געלאַשטשעט ווי אַ הינטל צו גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטשן און אים געפֿרעגט: זאָל ער זינגען? זאָל ער זינגען?.. און האָט ער בּאַקומען אַ דערלויבּעניש, האָט ער געזונגען מיט זיין קינדערשער שטים, ניט אַרויסגערעדט שאַרף די ווערטער: „Труд и горе, капли пота, пополам со слезой"...

— „За тяжкой работой" — האָט זינאַידאַ מאַקסימאָוונאַ אים אונטערגעהאַלטן און געזונגען און געקלאָגט מיט איר פֿרעהליכן, הילכיגן און לעבּהאַפֿטיגן קול...

...און אַבּראַמזאָנען האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט שוין אַמאָל דאָס אַלץ געזעהן אין חלום, צוריק מיט עטליכע יאָר: אָט די

דאָזיגע קולות, די דאָזיגע באַמערקונגען, דאָס דאָזיגע ליד... משוגה־מאָדנע און צעפּלאָסן...

— אָ, יעווא איסאַקאָווגאַ... — איז גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש אויפגעשפּרונגען פון אָרט, דערזעהן די, וואָס איז אַריינגעקומען, און האָט זיך פאַרנויגט פאַר איר.

— כ'האָב פאַרשפּעטיגט? — האָט בלומין געפרעגט מיט איר מונטערן פרישן קול; זי איז געווען אָנגעטאָן אין העלע, פּראָסטע פריהלינגקליידער — און איך בין אַריינגעגאַנגען נאָך די „אוראָקן" אין ביבליאָטעק לייענען אַ ביסל צייטונגען. אבראַמזאָן, איר לייענט דאָך ניט קיין צייטונגען? אַך, ניין, איך האָב צונויפגעמישט: דאָס פלעגט דאָך אייער חבר דאַווידאָווסקי ניט לייענען. אין איך האָב זעהר ליב צייטונגען. אמת, אונזערע רוסישע צייטונגען... אַלע נייס, וואָס מיר ווייסן, ווערן דאָרט אפילו ניט דערמאָנט...

— און דאָך איז פאַראַן אַ נייס, וואָס אפילו יעווא איסאַקאָווגאַ ווייסט זי נאָך ניט!

פּעטראָווס אינטריגירנדע שטים האָט אפילו איר אויפגעדעקט, אַז ער מיינט, אָן ספק, ניט יענע וועהטאָגדיגע נייס, וואָס זי האָט זיך בייטאָג דערוואוסט און וועגן וועלכער זי האָט איצט ניט געוואָלט רעדן; פונדעסטוועגן האָט זי געזאָגט, אויב ער מיינט יענע נייס, וועגן וועלכע זי טראַכט, ווייסט זי שוין לאַנג.

— און וואָס ווייסט איר? ניין, איר ווייסט נאָך ניט!

— טאָ זאָגט זשע וואָס?

— ניין, זאָגט פריהער וואָס ווייסט איר?

— ניין, זאָגט איר פריהער!

— איך פריהער? נו, לאָמיך דער ערשטער זאָגן. אָט וואָס. כאַ־כאַ־כאַ! אָט וואָס! אין דער שטאָט א. האָט זיך היינט געגרינדעט אַ נייע חברה, וואָס איר ציל איז: היות, דער ווינטער איז שוין פאַרביי, דער פריהיאָר קומט, דער שניי איז צעגאַנגען, דער הימל פרעהט זיך, די ערד קוועלט, די טייכן זיינען באַפרייט און די גאַנצע וועלט...

— בקיצור, בקיצור... אָט די דאָזיגע פּאָעזיע האָבן מיר שוין געהערט.

— איך פֿאָלג אײַך, יעווע איסאַקאָװנאַ! אַלזאָ, בקיצור, שטאַרק בקיצור, אינגאַנצן קורץ, אַלזאָ, די חברה רופֿט זיך אָן: „די, וואָס פֿאַרברענגען זײערע טעג אין פֿאַרגעניגן“. דאָס ציל פֿון דער חברה: פֿאַרברענגען דעם זומער אין לוסט־שפּאַצירונגען, אײַנאָרדענען פֿאַרװײַלונגען אויף שיפֿלאַך איבערן טײַך...

— און דאָס גאָר!

— ניין, ניט אַלץ. די סטאַטוטן פֿון דער חברה זײַנען צעהן

— איך האָף, אַז די פֿרײַלין בלומין װעט צוגעבן עפּעס אַן אָריגינעלן סטאַטוט. אַלזאָ, װעל איך אָנהײבן פֿון ערשטן פּאַראַגראַף. פּאַראַגראַף 1) פֿאַר חברים װערן אָנגענומען אַלע מײדלאַך, וואָס...

— און איך בין די פּאָרזיצערין! און איך בין די פּאָרזיצערין!

— האָט זינאַאידאַ מאַקסימאָװנאַ ניט געלאָזט ענדיקן.

— און מע האָט שוין אויסגעקליבן אַ קלײנע קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסװעלן אַ גרויסע קאָמיסיע מיט אַן אַנדער אויספֿיר־קאָמיטעט אויסצוקלײַבן אַ צװײטן, און צװײ קאָמיטעטן אויף גרינדן אַ דריטן — האָט זיך אויך מנשה אָפּגערופֿן.

— ערנסט און אויפֿמערקזאַם! — האָט געשריגן דער סטודענט אויך, — אַלזאָ, יעװע איסאַקאָװנאַ, װערט איר געבעטן אויף מאָרגן צו נעמען אַן אָנטײל אין אונזער געזעלשאַפֿט... איר הערט?

— לעמאַנאַשעם! — האָט אויסגעשריגן אויך גאַװרילאָװ דער שכּור פֿון זײַן װינקל. ער האָט געװאוסט אַ סך ײדישע װערטער.

— ניין, אינדעראמתן, האָט בלומין אויסגעשריגן, — דאָס איז גאָר די נײַעס?

— און וואָס פֿאַר אַ נײַעס האָט די פֿרײַלין? — האָט גריגאָרי ניקאָלאַיעװיטש זיך װײַטער געריצט — אַ סברה, אַ װיכטיקע, װי די?

— מײַן נײַעס? — איז יעװע איסאַקאָװנאַס פּנים געװאָרן פֿאַרפֿינסטערט — איך װעל זאָגן דעם אמת: די זאַך איז נאָך ניט

קלאָר, וואָס און ווען. דערווייל איז נאָר אַ קלאַנג. ס'טראָגט זיך אַ קלאַנג...

— אַ קלאַנג?

— אַז ?..

— אַז... אויף וואָר, די זאַך איז טאַקע נאָך ניט קלאָר...

— אָבער וואָס? וואָס?

— וואָס ? מ'זאָגט, אין ה... ה... אויך...

— פּאָגראָם?! — האָט אַבראַמזאָן אַריינגעשניטן זיין בליק אין איר און זיין שטים האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ ווידערקול.

— איר האָט עס שוין אויך געהערט?

— איך? ניין. איך ווייס אַזוי. איך זיץ דאָך דאָ די גאַנצע צייט. איך האָב ניט געהערט, איך ווייס אַזוי...

אַלע האָבן זיך אויסגעקערעוועט צו אים. אין צימער איז געוועו שטיל. אַלע האָבן געפּיהלט אַ מוז זיך צעפרעגן וועגן די פּרטים, אויסדריקן זייער מיטלייד...

— גאָט, ווי שרעקליך! — האָט צולעצט אויסגעשריגן ראָזאַליא מאַקסימאָוונאַ.

— און די יידן האָבן זיך געלאָזט קוילען ווי די שאָף ? — האָט שמואל געפרעגט — האָבן זיי זיך ניט פאַרטיידיגט?

— איצט וועלן די ציוניסטן אויסניצן די דאָזיגע זאַך — האָט זיך אָפּגערופן כאַווערשטיין אויך — וועלן מאַכן פאַרזאַמלונגען, וועלן געדיכט מאַכן די פאַרבן, באַווייזן דאָס בלוט, באַווייזן ווי גרויס די שנאה פון די פעלקער איז צו אונז...

— און רופן אין היילינן לאַנד אַריין — האָט אויסגעלאָזט פרענקל.

— איך האָב ניט ליב, אַז מ'רעדט וועגן דעם פאַר גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטשן — האָט זינאַידאַ מאַקסימאָוונאַ אַ פליסטער געטאָן צוערשט ראָזאַליאַ מאַקסימאָוונאַן און דערנאָך אויך יעוואַ איסאַקאָוונאַן.

גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטש האָט געשוויגן אַ קליינע ווײַלע און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן רעדן: אַגיטאַציע, פּראָפּאַגאַנדע, קלאַס, פאָלק, בילדונג, לומפּענפּראָלעטאַריאַט...

— הערט אויף! — האָט אַבראַמזאָן פּלוצים אַ געשריי געטאָן און זיך געגעבן אַ קלאַפּ מיט דעם פויסט אין קאָפּ אַריין — ווערט אַנטשטומט כאָטש אויף איין מינוט, נאַרישע פּלאַפּלערס! אָט דער הער כאַווערשטיין... אָט דער... האָט די העזה... אין אַזאַ אומגליק... זײַנע חשבונות... זיין אַרבעט... זיין אַרומגיין ליידיג...

אַלע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט שרעק און שטוינען.

— אָבער, אַבראַמזאָן, איר באַטראַכט נאָר...

— באַטראַכטן? — האָט ער אויך אויף *איר* אַ וואָרף געטאָן אַ פאָרכטיגן בליק. באַטראַכטן? וואָס האָב איך צו באַטראַכטן! איך וויל ניט באַטראַכטן! איך וויל ניט רעדן! פאַרשאָלטן זאָל איך ווערן! פאַרשאָלטן זאָלט איר זיין!.. ווער האָט אייך גערופן, נבלים?! אייער אַרבעט... דער נאַפט... דאָס ביסל נאַפט... אין דער אלמנהס קלייטל... הוליאַנקע און טאַנצעריי... כאַווערשטיין, פּעטראָוו, בלומין... גייט טאַנצן... חילה...

ער האָט שנעל אַראָפּגענומען זיין הוט און געגעבן אַ שפּאַן צו דער טיר „אַנטלויפן פון דעם שחיטה־טאָל“, נאָר פּלוצים האָט ער זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּנים אַנטקעגן די אָנוועזנדיגע. און דאָס בלוט איז ביי זיי פאַרצאַפּלט געוואָרן. זיין פּנים האָט זיך שטאַרק פאַרענדערט און געוואָרן אַן *אַנדערער*. זיין בליק, וואָס איז פון דער ערשטער רגע אָן געוועזן ווי ביי אַ דערשלאָגענעם פון אַ דונער, האָט זיך *איבערגעביטן*. און אַבראַמזאָן האָט אַ וואָרף געטאָן זיין הוט אויף דער ערד און גענומען זיך רייסן די האָר פון קאָפּ...

## כג.

ס׳איז געווען שבת אין נ., אַבּראַמזאָנס געבורטס־שטעטל. דער הויף, וואָס פאַר דער קירך איז געווען פאַרגאָסן מיט ליכט. די יידן זיינען אין בית־המדרש, דאַווענען, עסן קאַשע מיט צימעס, שלאָפן נאָך מיטאָג און גייען דערנאָך אַרויס אַ ביסל שפּאַצירן אין גאַס פאַר זייערע הייזער און אין זייערע הויפן אָן קאַפּאָטעס און מיט די טלית־קטנס פון אונטער די וועסטן. „דער זומער איז דאָך שוין געקומען“. ר׳ יצחק, יעקב אַבּראַמזאָנס פאָטער, מיט אַלע זיינע קנייטשן אין פּנים און מיט זיין לאַנגער, געדיכטער, גראָהער באָרד, וואָס איז ענליך אויף לעוו טאָלסטאָיס, גייט פון איינעם צום צווייטן, רעדט אים איין מיט גוטן, פאַרענטפערט זיך טויזנט מאָל פאַר אים און איז בודק די ציצית.

— און דיינע ציצית, יעקב מיין זון, זיינען פּסול? אַ? פּסול? — שאָקלט דער אַלטער פאָטער מיט זיין האָריגן קאָפּ און פון די אויגן רינען טרערן, טרערן, טרערן...

אַבּראַמזאָן קאָן ניט פאַרטראָגן דעם פאָטערס צער און צוזעהן זיין גרויסן און שווערן טרויער, און ער פרעגט אים מיט אַ גרויסן און שרעקליכן רחמנות און דאָס האַרץ ווערט אין אים צעגאַנגען און קלאַפּט...

— אָבער, טאַטע, וואָס זאָל איך טון, וואָס זאָל איך טון?

— וואָס זאָלסטו טון, מיין זון? — ענטפערט ר׳ יצחק מיט אַ קול ווי פון אן ערדענעם טאָפּ, — איצט איז מיין מעמד געוואָרן, מיט גאָטס הילף, בעסער, ווייל אונזער רב איז געוואָרן שד״ר *) פון דעם רבינס ישיבה און איך בין איצט דער

*) שלוח דרבים, — וואָס פאָרט אַרום צונויפנעמען געלט אויף אַ ישיבה א. א. וו.

ממלא מקומו פון דעם רב אין ק״ק נ. יע״א און באַקום נאָך אַ גילדן הוספה אויף דעם שכר פון מיין קוילען און קוק מער ניט אַרויס אויף דיין הילף (דאָס אַליץ איז געזאָגט געוואָרן אין איין אָטעם), אָבער איך וויל, מיין זון, האָבן נחת. זעה, ווי שלמה פרענקל איז גליקליך, וואָס ער האָט זיך אומגעקערט צוריק צו זיינע עלטערן. (אַבראַמזאָן איז פאַרוואונדערט: וואָס רעדט דער טאַטע? שלמה האָט זיך דאָך נאָך ניט אומגעקערט!) דער רבי אָבער וועט דיך מקבל זיין ביז דו וועסט זיך ניט אומקערן בתשובה־שלמה: דער רבי איז גרויס און פירכטליך אין דער גאַנצער סביבה און די משרתים, וואָס פאָלגן אים, שפירן נאָך יעדן ישיבה־בחור, וואָס גייט אַראָפּ פון וועג. די גבאים קוקן נאָך אָפן און באַהאַלטן יעדנס טריט. די שמשים זוכן אין אַלע לעכער און שפּאַלטן, רייסן אַרויס דאָס האַרץ פון ברוסט, לעגן עס אַרויף אויפן טיש און פאַרשן עס אויס. און דער סוף פון דעם זינדיגן איז אַ ביטערער. אַלזאָ, וואַרף מיין זון אַרויס די פרעמדע געטער פון דיין שויס, וואַרף אַוועק דאָס ביכל, די „תחיה״ פון אונטער דער פאָלע. אויב דו וועסט דאָס טון — פאָר איך מיט דיר תיכף צום רבין, תיכף ומיד...

— אום שבת?

— ראַטעווען אַ נפש!

— און מיר וועלן נאָך באַווייזן עסן דאָרט שלש־סעודות?

— אוודאי! זעה, דאָרט איז אַליץ גרייט ביים רבין: פלייש און פיש און אַלערליי געשמאַקע זאַכן, אוף דו וועסט שוין מער ניט הונגערן, ווי דו האָסט געהונגערט.

— גוט, אַי גוט! גיב מיר אַ שטיקל חלה, וועל איך עס צעמאָלן מיט מיינע ציין. כאַ־כאַ־כאַ!

— וואָס איז דאָס, מיין זון? ביזט אַ זולל־וסובא? אַ פרעסער? זעה, אָט איז די לאַנגע, זיידענע זשופּיצע, אָט גייט דער רבי נאָך דיר...

ר׳ יצחק איז פאַרשוואונדן געוואָרן און דער זון האָט אָנגע־הויבן ציטערן פון פיבער און איז אַנטלאָפן, ניט ווויסנדיג פאַר־וואָס ער אַנטלויפט. „במנוסה־תצאו" (אַנטלויפנדיק וועט איר אַרויסגיין) האָבן געפּליסטערט זיינע ליפּן און ער לויפט, לויפט, לויפט. דער רבי גייט נאָך אים, היט זיינע טריט, וויל אויפדעקן זיינע סודות — און זיין זינד איז דאָך קענטיק אים. דאָס „ביכל" ליגט אין זיין שוים אום שבת!

— איך האָב דאָך פאַרברענט די כּתבים, איך האָב דאָך פאַר־ברענט דעם מאמר... — האָט אַבראַמזאָן זיך געבעטן — און אומזיסט. די נויט צו אַנטלויפן איז ניט געוואָר קלענער. פאַר־קערט, זי איז געוואָרן נאָך גרעסער פון מינוט צו מינוט, האָט זיך אויפגעהויבן, גרויס געוואָרן, אָנגעוואָרפן אַן אימה.

דער רבי האָט אים שוין לאַנג אָנגעהויבן נאָכיאָגן, און ער לויפט איבער בערג און טאָלן, איבער שוויים־מקוואות און איי־זערנע שטאַנגען. אין איין שוויים־מקוה האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט, ווי ס׳געהער צו זיין, און דערנאָך איז ער אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך גוט אַרומגעווישט און זיך געדראַפּעט אויף אַ הויכן באַרג. וואָס איז דאָס? דאָ וואוינט זי! ביי איר קאָן ער זיך דאָך באַהאַלטן און לייענען זיין „התחיה".

— גיי ניט ווייטער! — שרייט דער רבי צו אים און קנאַקט מיטן גראָבן פינגער — איך היט דיך, שטיי אויף דיין אָרט! ס׳איז פאַראַן אַ גרויס דאָרף פון יענער זייט טייך, אין וועלכן דו האָסט זיך געטובלט. אַ גרויס דאָרף, וואָס פאַרשטייט ניט דיין שפּראַך. דיינע ברידער, קינדער פון דיין פאָלק, וועלכע זיצן און דינען אַ פרעמדן גאָט. און איצט זעהסטו אָט דעם דאָזיגן גרויסן ג ו י?

— רויב און גוואַלט, — האָט זיך פּלוצים אַרויסגעריסן פון אַ שטוב און אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד.

אויף אַבראַמזאָנען איז אָנגעפאַלן אַ גרויסער שרעק. ער וויל לויפן איר צו הילף — און זיינע פיס ליגן אין אַ קלאָץ, ער קאָן

ניט קיין ריר טון מיט קיין אבר. רבנו של עולם! ס'אַראַ נשמה־ליידן! ניטאָ קיין אַנטרינונג! פאַר אים — דאָס דאָרף, אונטער אים — דער רבי (און אַ סך טוען זיין באַפעל, און אַ סך טוען זיין באַפעל, און אַ סך טוען זיין באַפעל), רעכטס און לינקס — בערג און טאָלן. די שויבן אין די פענסטער פּלאַצן. אַ לאַנגער, דויערנדער טומל... אַ שרפה? — פּאָגראָם... שרייט ער און זיין קול גייט איצט אַרויס, גלייך ער וואָלט אַריינגעשריגן אין אַן ערדענעם טאָפּ.—פּאָגראָם... „דם ואש ותמרות עשן" („ב ל ו ט און פ י י ע ר און וואָלקענס ר ו י ך")— — — — —

— — — — — — — — — —

אַבראַמזאָן שטייט אָן שיך אין קאַלטן שניי. אויף אים איז נאָר איין העמד. און אויף אים קריכן אַרום וואַנצן, אינ־טעליגענטן, באָרוועסע, אַרבעטער...

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט? — פרעגט אים יענער מענש, וואָס גייט אַוועק פון אים.

— איך וואונדער מיך — קוועטשט אַבראַמזאָן מיט די אַקסלען... דאָס איז דאָך די קאָלאָניע, וואָס דו האָסט געגרינ־דעט, ווען דיר האָט זיך געוואָלט באַהעפטן טאָלסטאָיס גרויסע פּראָסטקייט מיט ניטשעס דערהויבענע אוממעגליכקייט. „ניטשע איז אַ פּראָדוקט פון אַן עסטעטיש־פּאָעטישער נשמה און ניט קיין פילאָזאָף" — האָסטו דען פאַרגעסן דיין שפּראַך ממש? דאָס איז דאָך די קאָלאָניע, וואָס מיר האָבן געגרינדעט אויף נייע יסודות, בעת מיר האָבן פאַרלאָזט די קראַנקע איי־ראָ־פּע און אירע מענשן. מיר האָבן דאָך אויפגענומען פון דער קולטור... צו גרינדן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל און מלחמה האַלטן מיט די באַאַמטע. און איצט שטיי איך דאָ און צייל די שטערן. אוריאל! דו גייסט אַוועק פון מיר. גיי, גיי! מסתמא מוזטו גיין און איך וויל דיר ניט שטערן. מיין האַרץ אָבער ווערט צעגאַנגען, צעגאַנגען... דיין נשמה שוועבט אַרום מיר אַרום, ווי אַ פייגעלע. דו ביזט ניט געשטאָרבן. אַלץ איז דיינס. און אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן: דו ביזט געגאָלט, נאָר ווען דו האָסט אַזאַ באָרד, ווי איך — איז

גאָר קיין ספק ניט, אַז זי וואָלט געווען שוואַרץ און ברייט און וואָלט עדות געזאָגט אויף דיר, אַז דיינע אורעלטערן זיינען געווען פון די ירושלימער ייִדענע לייט.

און פלוצים איז אַלץ פאַרשוואונדן געוואָרן. און ער איז ווידער געבליבן איינער אַליין א בלאָנזשענדיגער אין דער ווייטער נאַכט, אינם גרויסן, שרעקליכן מדבר. צולעצט געפינט ער אַן אייגעהילטן בעדואינער, וואָס גייט אוים פאַר הונגער, און ער גיט אים פון זיין ברויט און יענער קייעט מיט אַפעטיט. (וואו האָט ער אים גענומען, ווייסט ער ניט. מן!). און דער מצרי, וואָס איז ענליך צו גאַווריליאָווין דעם שכור, הויבט אויף אויף אים זיין האַק. „דו — אַ האַק, און איך — רחמנות“ — זאָגט אים אַב-ראַמזאָן. און פון דאַן הויבט זיך ביי אים אָן דער גרויסער רחמנות. אַ שרעקליכער רחמנות, וואָס פרעסט אויף דאָס האַרץ און די נשמה, אַ רחמנות אויף די פוסטע בוימער, אויף די שטיינער און פעלזן, אויף די מצרים און אַראַבער.

דער וועג איז געווען אַ שווערער, לאַנגער, אַ לאַנגער און שווע-רער. די ערד איז ניט ווייט פונם הימל — „און אפילו אַ פאַנ-טאַזיאָר קאָן גרינג אַראָפפאַלן“. אין דער הויך פונם גייער אַ פלוצימדיגע גרויסע אַרויסקוקעניש, אַ גרויסע, גרויסע. ער קוקט אַרויס, וואַרט נאָך אַ מינוט, ווי דער הימל וועט זיך שפאַלטן און עפעס אַ גרויסע, גרויסע זאַך וועט געבוירן ווערן. ער שפאַנט מיט גרויסע שפאַן, נעמט זיין שטעקן, בינדט צו צו אים זיין נאָז-טיכל, — די פאָן פון יהודה-אַפשטאַם, און שפאַנט מיט גרויסע, גרויסע טריט. פלוצים פאַרהאַלט מען אים. ווער פאַרהאַלט עס אים? „גיב נאָר אַ קוק, — זאָגט זי אים, — אָט איז אין מיטן הימל — אַ פ י נ ט ע ל ע“. ס'כאַפט ווידער אָן אַ שרעק. ער האָט אָנגענומען זיך מיט די לעצטע קרעפטן אַריבערצוגיין פון יענער זייט זיין גרעניץ, פון יענער זייט גרעניץ פון דעם פינטעלע, אָבער אומזיסט: ניטאָ קיין איבערגאַנג. דאָס פינטעלע צערייסט זיין הימל. איינס איז עס. איין פינטעלע, אַ קליינס, שוואַרצס, שרעקליכס... ער וויל עס אַרומגיין, אַרומגיין דעם וועג און ער

דרעהט זיך אַרום דעם „פאַרכשופטן קרייז“, זיינע ליפּן פליסטערן: נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל...

און געדאַכט האָט זיך אים, ער שפּרינגט איבער דעם. נאָר באַלד ווייזט עס זיך, ער האָט אַ טעות: דאָס פינטעלע איז דאָך אויפן הימל און ניט אויף דער ערד — און ווי אַזוי וועט ער אַריבער איבער דעם? „איך האָב דאָך גאָר ניט געזינדיגט“, — ווערט ער פאַרביטערט, — „מיין נאָזטיכל איז אַ ווייס!“ נאָר ער שרייט און זיין קול הערט מען ניט. דאָס פינטעלע שטייט, ווי פריהער, פאַרצוימט דעם גאַנצן וועג. איין פינטעלע און קיין צווייטס איז ניטאָ אַזעלכעס. איין פינטעלע — און קיין בריק איז ניטאָ. און דורות גייען אַוועק...

---

און ווידער איז ער אין זיין קליין געבורטס־שטעטל. — „דאָס איז נאָך ניט איינגאַנצן. טרייסט ער זיך און פרעהט זיך, וואָס ער פיהלט אין זיך אַ נויגונג צו משוגעים. יאָ, אַ סך, אַ סך משוגעים בלאָנזשען אַרום אין די גאַסן און אין די בתי־מדרשים, אָבער אים ציהט עס, ציהט עס באַזונדערס צו זיין פעטער דעם משוגענעם. ער ווייסט קלאָר, אַליין שרייט איך אים, ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין משוגענעם פעטער, נאָר אים ציהט צו אים. וואָס הייסט? פּראָטעסטירט ער מיט אַלע קרעפטן — וואָס הייסט, איך האָב ניט קיין משוגענעם פעטער? לויט דעם אַטאַוויזם פון מאַדאַם כאַווערשטיין מוזן דאָך זיין אין מיין משפּחה משוגעים, מוזן!.. און זיי זיינען טאַקע פאַראַן, זיינען דאָ! איך אַליין, איך אַליין, כאַ־כאַ!..“

אַבראַמזאָן האָט געלאַכט פון שלאָף מיט אַ דריבנע געלעכטערל, וואָס האָט אים צעריסן דאָס האַרץ. „איך וויל ניט, איך וויל ניט, — האָט ער ביטער געוויינט, — אַליין, אַליין, נאָר ניט דאָס, יסורים אָן אַ מאָס, מער ניט איין מינוט ווערן משוגע...“ ניין! ער מאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, נעמט אַראָפּ דאָס הייטל פון זיין מוח! ער פיהלט עס דאָך — און ער קאָן עס

אַראָפּנעמען. ער וועט אַראָפּוואַרפן דעם דאָזיגן וועהטאָג, וואָס האָט ניט זיין גלייכנס. אָבער זיין האַנט רירט זיך ניט, זיין האַנט באַוועגט זיך ניט — אַ שרעק! קיינער קומט ניט צו הילף, קיינער קומט ניט צו הילף — אַ שרעק, ער שטייט איינער אַליין פון דער זייט, איינער אַליין שטייט ער פון דער זייט — אַ שרעק! וואָס איז דאָס? פאַרן פענסטער פון יענער זייט גייט דורך יע-נער... יענער, וואָס אין האַרץ ציהט צו אים, יענער, וואָס גייט און ווערט ניט געזעהן, גייט דורך, איז פאַרביי... וועה, פאַר וואָס קאָן ער זיך נישט אויסשלאָפן? זיין האַרץ קאָרטשעט זיך ניט אויסצוהאַלטן און ער שטאַרקט זיך, אַן אָטעם טון. אַליץ איז פאַרפאַלן! יענער פאַרבאָרגענער פון יענער זייט פענסטער איז אַוועקגעגאַנגען. די פינסטערניש ווערט וויים... דער פענסטער האָט זיך צוגעמאַכט.

## כד.

אויף אינדערפריה, אַז אַבֿראַמזאָן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שפּעטן שלאָף, איז ער געווען, ווי עמיצער וואָלט אים פּלוצים מיט גוואַלט אויפגעריסן פון אַ שווערן שלאָף. זיין ערשטע באַוועגונג איז געווען אַ טאַפּ טון זיין שטערן און אים האָט זיך געדאַכט, דער קאָפּ טוט אים גאָר נישט וועה, נאָר ער זעהט אויס, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפן אויפן פּאָסטן אונטערן שנײ — אַ שנײ פון פּעדערן. ער האָט ניט געפיהלט קיין שום וועהטאָג, נאָר אין מויל איז אים געווען מאָדנע טרוקן, גלייך ער איז פול געווען מיט גאַסן־שטויב. שמואל האָט אים אַריינגעטראָגן דאָס היטל, וואָס ער האָט נעכטן פאַרגעסן בײַ מנשה קאַצמאַנען, אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען פון דאָרט. אַ רגע האָט אַבֿראַמזאָן געקוקט אויף אים פאַרוואונדערט, גלייך ער האָט אים נישט פאַרשטאַנען, נאָר באַלד איז אים קלאָר געוואָרן: אַ היטל צוצודעקן די פּעדערן אויף זיין קאָפּ, כדי מע זאָל אים נישט דערקענען. אַ וואוילער יונג! ער האָט זיך אָנגעטאָן און אין אַ האַלבער שעה אַרום איז ער שוין געווען בײַ מנשה קאַצמאַנען. „מ׳מוז דאָך מאַכן אַ סוף צו דעם“—האָבן זיך די זיבן ווערטער איינגעשניטן אין זיין מוח און זיינען גלייך בלייך־שנעל פאַרשוואונדן געוואָרן. דער עיקר געדאַנקען זיינע זיינען געווען פונקען פון זיינע קינדהייט־זכרונות, ניט קיין וויכטיגע פאַקטן־אָפּריסן, וואָס האָבן כלל ניט קיין שייכות צום „היינט“, עפּעס אַן אורח אַ משולח פון אַ ישיבה בײַ זיין פאָטער פאַרהערט אים די סוגיא פון „צרורות“. ער איז צעטומלט און ווייסט ניט, וואָס מ׳הייסט אים זאָגן: הויבט אָן און רייסט איבער, הויבט אָן און שטעלט זיך אָפּ; דער טאַטע איז אין כעס.

ענדליך איז געקומען דער סוף. דאָס איז געווען, בעת ער האָט געעפֿנט די טיר און דאָס האָט געדויערט אַ ברעקל רגע, אַ צעהנטויזנטל רגע. די גרעניץ איז געווען נאָר אַ טייל פֿון אַ קליינער, קליינער באַוועגונג, איין חלק פֿון אַ קליין, קליין טרי־טעלע. פֿאַר דעם איז זיין מוח געווען כּמעט קלאָר. אַן אַלטער און קלאָרער געדאַנק האָט זיך איינגעשטעמפּלט אין אים: וואָס איז דער גוואַלט, אויב ער קומט אום? אויב אַלץ וועט אומקומען? מיט זיי וועט ער זיצן, ביז יר וועט פֿאַרכאַפּט ווערן... מיט זיי! מיט וועמען? ווער איז געבליבן? ס'איז דאָך קיינער ניט געבליבן! ער איז דאָך... ער — דער לעצטער! ביי מנשה קאַצמאַנען האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אַלע מיידלעך זיינען אַוועקגעגאַנגען אין דער רוסישער ביבליאָטעק. און דאָרט וועלן זיי זיך טרעפֿן מיט גריגאָרי ניקאָלאַיעוויטשן און וועלן זיך באַראַטן וועגן זייער נייער חברה...

— גוט, גוט, — האָט אַבראַמזאָן גערעדט צו זיך אַליין, — אָבער ווי אַזוי האָבן זיי קיין מורא ניט? טאָמער באַלד?..

נאָהענט צו דער ביבליאָטעק איז געשטאַנען די גרויסע קירך אין שטאָט. ס'איז געווען זונטאָג, אַ פֿרידיאָר־טאָג מיט אַ ווייכער, וואַרימער זון. אַבראַמזאָן האָט אַ קוק געגעבן אויפֿן גאָלדענעם קופּאָל און זיך דערמאָנט, אַז אין זיין חלום ביינאַכט האָט ער געזעהן דעם דאָזיגן פּלאַץ, וואָס פֿאַר דער קירך — עפּעס איז דאָס דאָך. פֿאַר אים איז געווען אַ גרויסער המון אָנגעטאָן יומטובדיג. זיינע אויגן זיינען געוואָרן ברייט. טויזנטער פּיס, צעהנער־טויזנטער בייכער, מילי־מיליאַסן קעפּ — און איין היינט? און אַלע וועלן קומען? אַז דו וועסט צעשפּאַלטן די חיה אויף צווייען — ווערט זי אויס. איז דאָך געדרונגען, אַז אַלע וועלן קומען ווי איין מענש... אויף אים? אויף אים איינעם? קיין אַנדערער איז דאָך ניטאָ. און צו וואָס זשע שטייט ער אויף איין אָרט? אָט גייט דורך עפּעס, ווי אַ ייד מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס פֿון דעם רעשט, וואָס איז געבליבן... אפשר וויל ער מאַכן אויך אַ פּליטה, אפשר וויל ער אַ כאַפּ טון דעם זאַק פֿון

אַקסל און זיך באַהאַלטן אונטער די שמאַטעס — און ס׳זאָל ניט איינגעלאָשן ווערן יעקבס ליכט?

אַבראַמזאָן האָט זיך געאײַלט און איז אַרײַנגעקומען אין ביבליאָטעק, וואָס איז צוליב זייער שבת געעפנט געוואָרן ערשט איצט. ער איז דורכגעגאַנגען דעם ערשטן צימער פאַרבײַ דער ביבליאָטעקאַרין און איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם צווייטן צימער, אין לייענזאַל און זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ טיש. דער צימער איז נאָך געווען ליידיק, נאָר בײַ איין פענסטער איז געזעסן עפעס אַ יונגער מאַן און געבלעטערט די צײַטונגען. די ברייטע בויגנס האָבן געקנאַקט און געשאָרשעט. אַבראַמזאָן האָט אַ בליק געגעבן אויפן יונגן מאַן, צוגעזשמורעט די אויגן — און תּיכּף פאַרגעסן אָן אים, אַרויסגענומען אַ בלייער פון טאַש און אָנגעשריבן אויפן טיש:

„דער גרונדשטיין. אַלע נעז זיינען אויס און עמלק האָט געשלאָגן די אָפּגעשטאַנענע. דער לעצטער, דריי מאָל הין און צוריק! לאָז ניט אַראָפּ דײַן שנאָבל! (ווי באַקאַנט, האָבן די מאָהיקאַנער נעז) קוק דיר רעכטס — ניט קיין נאָז, קוק לינקס — ניט קיין נאָז. זעה, איך האָב געמאַכט דײַן שנאָבל שטאַרקער פאַר דיר, וואָס איז רייך געוואָרן נאָר פון דעם חורבן פון“...

— א, אַבראַמזאָן איז אויך דאָ? אַבראַמזאָן איז אויך געווען ציקאָווע? כאַ־כאַ, איך בין ניט געווען בעתן אינצידענט נעכטן בײַנאַכט. איך בין געקומען, דערציילט מען מיר... דאַכט זיך, היינט זיינען נאָך אויך ניטאָ קיין אָפיציעלע ידיעות... בורלאַך (דאָס איז געווען דער איינציגער יונגערמאַן אין לייענזאַל), וואָס ס׳איז אוממעגליך געווען, ער זאָל ניט באַמערקן אַבראַמזאָנס אַרײַנקומען אין דער ערשטער מינוט, האָט געהאַלטן פונדעסטוועגן פאַר בעסער זיך מאַכן אַ קליינע ווײַלע שטאַרק פאַרטיפט אינם לייענען, אַזוי אז ער הערט ניט, ווי מע גייט אַרײַן. ס׳איז פאַראַן אַנדערע שענערע נײַעס — האָט בורלאַך צוגעגעבן.

און אַבראַמזאָן, וואָס האָט איבערגעריסן זיין שרייבן, האָט געקוקט אינם בוך פון זיין מיטשמועסער: אויפן רוקן פון בוך זיינען געווען אויסגעשלאָגן אָפּגעריבענע אָפּגעגילדטע אותיות: „צעזאַר“ און ער האָט געלאַכט:

— אַ גראַמאַטיק פון עמלקס שפּראַך; אָט נעם איך שוין דאָס בוך און צעריים עס.

— ווילסט הערן? — פרעגט בורלאַך — אינם „קוריער“ פון ?..

— פון ד..? — האָט אַבראַמזאָן פאַרגעסן דאָס לייענבוך, וואָס ער האָט נאָר וואָס געוואָלט צעריסן.

— יאָ, אין ד. גופא. „איינער אַ פרעמדער יונגערמאַן, מע ווייסט עד היום ניט פון וואַנען איז ער, איז גאַניץ פריה אַריינגעקומען אין אַן אַכסניא, זיך געדונגען אַ באַזונדערן צימער, האָט זיך פאַרשלאָסן און איז אַ גאַנצן טאָג ניט אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט, און אַז מע האָט אויפגעבראָכן דעם שלאָס, האָט מען געפונען דעם יונגן מאַן אָנגעשפּאַרט אויפן באַנקבעטל, דער קאָפּ צווישן די הענט“...

— און דער גאָלמעסער נעבן אים...

— וואָס פאַר אַ גאָלמעסער... מיט סם... אַבראַמזאָן, וואָס איז מיט אייך? זעהט, ס'גייען אַריין מענשן.

אַבראַמזאָן איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער וואַנט צו צייכענען זיין „וויזיאָן“, די וואַנט־וויזיאָן. — אַצינד איז דאָך קיין שום צווייפל ניט, אַז מער, ווי ער, איז ניטאָ קיינער...

„מיט סם“... עמלק דערציילט אים ווי אַזוי דאָס איז געווען! ער האָט דאָך געזעהן דעם נגון פון איכה (ווי אַזוי) ... איכה ישבה בדד (ווי זי איז עס געבליבן אַליין) ...

— ווער האָט אויסגעשמירט דעם טיש?

— יידישע אותיות!

אַבראַמזאָן האָט זיך אויסגעקערעוועט און האָט דערזעהן, אַז הגם ער שרייבט אויף אַ שפּראַך, וואָס זיינע פיינט פאַרשטייען זי ניט, דאָך סודעט מען זיך עפּעס וועגן אים. מע זאָגט, מע

דאַרף איבערגעבן װעגן אים די פּלשתּים, זײ זאָלן קומען און אים בינדן מיט שטריק. אומזיסט!

...„דער לעצטער — דער גרונדשטײן" איז אַנטלאָפן! איצט װעט ער אַנטפּלעקן. אַלע װאַרטן אויפן הויף. די גרויסע זײנען אומרײן — װעט ער גײן צו די קלײנע. און אַז ס'זײנען איצט ניטאָ קײן ײדן, איז װאָס זאָל ער איבער דעם אַראָפּפאַלן בײ זיך? זײ־נען דען װעניג פאַראַן, װאָס האָבן אײנגעשטעלט דאָס לעבן, גע־װען אויף קדוש השם? ס'האָט זיך נאָך ניט אויסגעלאָזט די האָפע־נונג נאָך אַמאָל פונסגײ אויפבויען און באַנײען דאָס הויז ישראל!

...אָט איז פאַר אים אַ טײך װאַסער, אַ גאָרטן און דער טאָג. יעקב — דער עלטערער צװישן די אבות. בײ לבנען איז ער שוין געװען. זײן ברודער איז שוין אַװעקגעגאַנגען פון אים. חרן און באר שבע, װאו מע האָט אים גערודפט פאַר זײן „װיזיאָן" — איז ער שוין דורכגעגאַנגען. מיט עשוס שר האָט ער זיך שוין געראַנגלט — און אים בײגעקומען. איצט װעט ער זײן אַ מלמד פאַר קלײנע קינדער אין לאַנד פון אדום ביזן סוף אלף הששי, ביזן טאָג, װאָס איז כלו שבת, גאָלע גוטס און רוה...

...אָט זעהט מען פונדערװײטנס אַ באַרג, װאָס אויף אים איז דער שענער שטאָט־פּאַרק. דעם פּאַרק זעהט מען פונדער־װײטנס אויפן באַרג. די בוימער... אָבער, װאָס האָט ער, ער, װאָס זײן שנאָבל איז שטאַרקער פון צור *), צו טון מיט די בוי־מער פון צור? דאָרט זײנען די אומרײנע, װאָס װילן פאַנגען זײן נשמה, די, װאָס רײניגן זיך אין די גערטענער און דינען צו דער געטין אַסטאַרטאַ...

...און אויב זײ װעלן אים ניט פאָלגן — װעט ער פאָרט רעדן. זײ װעלן הערן! ער װעט רעדן צו די פויגעלאַך אין הימל און צו די פּיה אויף דער ערד, ער װעט רעדן צו אָט דעם הונט, װאָס לויפט פאַרבײ...

---

*) װאָרט־שפּיל: צור – נאָמען פון דער שטאָט צור, און צור, װאָס טײטש קרעמען (кремень), אַ שטאַרקער שטײן.

— הער נאָר, דו, עזותניק צווישן די חיות! דאָס איז, וואָס איך רעד צו דיר וועגן דעם עזותניק צווישן די אומות! זאָלסט זיך ניט מיאש זיין! איך, דער לעצטער — דער גרונדשטיין! און ס׳וועט זיין, יעדער, וואָס וועט בלייבן אין צור — בן־בוזי, מאַזוריק, וועט מען אים רופן, קאַרליק. די ריזן זיינען דעמאָלט געווען אויף דער ערד, און זיי זיינען געקומען ביזן ירדן, און זיי האָבן גיט געקאָנט זאָגן דאָס וואָרט „געה“, און זיי האָבן געזאָגט: „זעה“, דאָס איז אַן אַלטער נגון — און זיי זיינען געקוילעט געוואָרן. און ער איז געבליבן דער לעצטער, וואָס ער אויך איז נאָר אַ האַלבער אינדערפריה און אַ האַלבער פאַרנאַכט. און יהוה האָט צו אים געזאָגט: גיי און דו זאָלסט זיך דראַפּען אויף די ווענט העכער פון דעם קאַרניז, העכער פון דער סטעליע, וועסטו האָבן אַ פולקומע דערלייזונג. געדענק און פאַרגעס ניט! דאָס פינ־טעלע טוט זיך אָפּ דורך דעם, וואָס גיט אָפּ דאָס לעבן פאַר דעם! און איך בין געקומען היינט...

...אָבער ווער איז דער דאָזיגער מענש, וואָס גייט נעבן אים? פאַרוואָס קוקט ער זיך אַזוי איין אין אים? ער וויל דיך הרגענען, כדי ס׳זאָל פון אים קיין וואָרצל און צווייג ניט בלייבן?

אָט קוקן אַלע קינדער פון צור, עשוס קינדער, אויף אים — האָבן זיי שוין אַנטדעקט זיינע סודות? האָבן שוין אים אַרומגע־רינגעלט זיינע נאָכיאָגער? ניין, ער וועט זיך פאַרטיידיגן! אויב מלחמה — איז מלחמה! זיין שפּראַך, די שפּראַך פון יהוהס נביא, וועט די ביינער צעברעכן. איר זאָלט ניט זאָגן: ער איז געשטאָרבן, צי דען קאָנט איר נאָך ניט יהוהן, וואָס איז געווען, איז, און וועט זיין?

צי דען ווייסט איר נאָך נישט, אַז שטערן טוען געבוירן שטערן? צי דען ווייסט איר נאָך ניט, אַז מיינע טויטע וועלן אויפ־לעבן, אויפשטיין?..

## כה.

ס'איז געווען אויף דערנאַכט. די אַרבעטער זיינען שוין אַוועקגעגאַנגען אַהיים, און שמואל, וואָס זינט ס'איז אָנגעקומען דאָס נייס, איז ער געווען פאַרנומען מער ווי אַלע מאָל, האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט. משה־אהרן, ברכה און די קינדער זיינע געזעסן אַרום טיש און האָבן געגעסן וועטשערע. אַ פאַרבאָרגענע זאָרג האָט אַרומגעשוועבט איבער אַלץ: פון אוריאלן איז נאָך ניט געווען קיין שום ידיעה, זינט ער איז אָפּגעפאָרן.

— מאַמע... איך האָב מורא... פנחסל שרעקט מיך מיט אַ מע־ע־ע... מאַמע...

די מאַמע האָט ניט געענטפערט. דעם קרופּניק האָט מען אויפגעגעסן. און ברכהס אויגן זיינען געווען ווי די אויגן פון יענעם לעבעדיגן קאָפּ, וואָס איז אָנגעבונדן און וואַרט יעדע רגע אויף אַ קלאַפּ פון אַ האַק...

די טיר האָט זיך שטיל געעפנט. אַבראַמזאָן איז אַריינגעקומען אויף די שפּיץ־פינגער און געבליבן שטיין. ער האָט ניט אַרויסגעלאָזט קיין פּיפּס פון מויל. ביים הענטל פון זיין שטעקל איז צוגעבונדן געווען אַ נאָזטיכל, וואָס איז געווען צעריסן אויף פּיצלאָך. ער האָט ניט פאַרשלאָסן די טיר הינטער זיך. דער באַלעבאָס איז עפּעס, ווי פון זיך, גיך צוגעלאָפן צו דער טיר, נאָר אַריינגיין אַהין האָט ער מורא געהאַט.

— ווער איז מיר! — האָט ברכה אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, — דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט... ס'איז געשעהן דאָס, פאַר וואָס איך האָב מורא געהאַט...

— מאַמע, מיר האָבן מורא... האָבן געוויינט די קינדער.

— נאַראָנים! וואָס האָט איר מורא?.. איז דער פּאָטער אַליין אַרומגעלאָפן איבערן צימער פון אָרט צו אָרט, — ס'איז אַ גזר־דין... וואָס זאָל מען טון... מ'דאַרף רופן די שכנים.... פּנחסל, לויף רוף חיים־לייבן דעם הייזון־מאַכער... אָ, צו מיין מזל! דווקא מיין שכן דאַרף אַראָפּ פון זינען. מיר קאַרג מיינע צרות!.. שאַ, שווייגט, וואָס שרייט איר?.. וואָס טוט ער דאָרט? צערייסט אַליך, וואָס ער האָט... „ק ר י ע ה... ק ר י ע ה"...

— קריעה!.. נאָך וועמען? — האָט זיך ביי ברכהן איינגעצויגן דאָס פּנים...

— פּרא אדם!.. אַ משוגענער... אויף אַ משוגענעם פרעגט זי קשיות... איצט וועט ער זיך זעצן שרייבן אין דער פינסטער... שרייבט, שרייבט גיך־גיך, רבונו של עולם, וואָס טוט מען?..

אַבּראַמזאָן איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין צימער, צוגעגאַנגען מיט אַ שרעקליכער פאָרזיכטיגקייט צום אויוון, האָט אָנגענומען אַש און אַרויפגעשאָטן זיך אויפן פּנים. דערנאָך האָט ער אויסגעטאָן די שיך און זיך אַוועקגעזעצט אויפן נאַסן דיל. האָט אַרומגעלעגט אַרום זיך אַ שטיק פּאַפּיר און געמאַכט אויף דעם פּאַפּיר פאַרשיידענע פּאַסעקלאַך אין פינסטערן צימער זיינעם. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט אָנגעשריבן אויף דעם אַליך, וואָס ער האָט געוואָלט אָנשרייבן. און געוואָלט האָט ער שרייבן פאָלגענדעס:

„אין יאָר א. א. וו. דריי מאָל הין און צוריק. אין דרויסן מאָרדעוועט דער שטיין, אין שטוב — דער גאָלמעסער, דער חלף. און איך האָב צעריסן מיין ראָק אויף צוועלף שטיקער, ער זאָל ניט אַריינפאַלן דעם שונא אין די הענט. און יעקב איז געבליבן אַליין. די גסיסה האָט זיך געענדיגט. איינער אינם גאַנצן וועלט־חלל. און אַזוי אויף אייביג, אויף אייביג און אייביג. יעקב וועט פאַרלענדט ווערן — און איינער וועט בלייבן. תמיד וועט בלייבן איין לעצטער אויף אייביג; אַלע וועלן ניט זיין, און

אַ לעצטער וועט זיין. און אַז ער וועט זיך דערוועגן צו גיין אין פּאַרק אויפֿן באַרג, דעם פּאַרק, וואָס שטייט, ווי אַ פּינטעלע, אויפֿן באַרג, אַריבערגיין דאָס פּינטעלע און קומען צו זיינע געליבטע קינדער, וואָס בלייבן אים געטריי, און פֿאַרזייהען זוימען, וואָס זאָלן געבן פֿרוכט—וועט זיך אויף אים אַ קער טון די קלינג פֿונם גאָלמעסער, וואָס צווישן זיינע האָר און וועט אים ניט לאָזן אַריבער. און מאַזוריקעס און עמלקים וועלן אים נאָכלויפֿן ביזן סוף, נאָר פֿאַרטיליגן וועלן זיי אים ניט פֿאַרטיליגן און פֿאַרלענדן וועלן זיי אים ניט פֿאַרלענדן. ווי אַזוי וועט ער אַנטרונען ווערן? ער וועט אַנטלויפֿן און אַרומלויפֿן אַרום דעם גאָרטן. און ער וועט אַרומלויפֿן, אַרומלויפֿן אַרום — אַ גאַנצן טאָג. ער וועט זיין פֿול מיט שרעק און וועט אַרומלויפֿן, אַרומלויפֿן אַרום און אַרום. אָט דאָס איז יעקבס מגילה".

— ש־ש־ש־א... — האָט אַבראַמזאָן אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ

— שטיל זאָל זיין... וואָס איז עס פֿאַר אַ געשריי?.. צערייצט?.. און ווער וועט זיצן „שבעה" אָן מיר?..

— שבעה?.. משה־אהרן, גזלן! — האָט זיך די מוטער צעוויינט, —רוצח, הער, וואָס ער רעדט... עפּעס ווייסט ער...

— וואָס ווילסטו האָבן פֿון מיר?.. ער ווייסט... ט־טע... וואָס זאָל ער וויסן?.. ער איז אַראָפּ פֿון זינען און מער ניט...

אַבראַמזאָן איז געזעסן רוהיג. דער שכן חיים־לייב דער הייזון־מאַכער איז נאָך ניט געקומען. אין שטוב איז געווען אַ שרעק, אַ געוויין, צוזאַמען מיט אַ שטילקייט. אַ געוויין און אַ שטילקייט. און די שטילקייט האָט גאָרנישט ניט געזאָגט.

## יידישער ליטעראַרישער פאַרלאַג, בערלין

## Jüdischer Literarischer Verlag, G. m. b. H.

**Berlin SW 68, Zimmerstr. 7-8**

*

**ס׳איז אַרויס פון דרוק די ערשטע סעריע ביכער:**

I. ל. קוויטקא — גרין־גראָז (לידער)

II. ל. קוויטקא — 1919 (לידער)

III. י. אָפּאַטאָשו — פאַרלוירענע מענשן (ראָמאַן)

IV. דער נסתר — געדאַכט (מעשיות) ערשטער באַנד

V. דער נסתר — געדאַכט (מעשיות) צווייטער באַנד

VI. מ. אַלפּערסאָן — 30 יאָר אין אַר־געגטינע (מעמואַרן)

VII. ד. קאָיגען — אין שטורעם פון גע־שיכטע (מעמואַרן)

VIII. פ. שניאורסאָן — חיים גראַווי־צער (דערציילונג)

IX. ש. דובנאָוו — די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק — איבערגעזעצט פון נ. שטיף — ערשטער באַנד

X. ע. קאָרמאַן — ברענענדיקע בריקן (אַנטאָלאָגיע)

XI. א. טשעריקאָווער — אַנטיסע־מיטיזם און פּאָגראָמען אין אוקראַינע

XII. י. ח. ברענער — אַרום אַ פּינטעלע (ראָמאַן) פון העברעאיש — ב. סלוצקי

## ס'דרוקן זיך:

XIII. ל. ד י י ט ש – יידן אין דער רוסישער רעוואָ־לוציע – פון רוסיש – ע. ק אָ ר מ אַ ן.

XIV. ב. ק עָ ל ע ר מ אַ ן – דאָס געשעהעניש (נייער ראָמאַן) פון דייטש — ד״ר ר. ז ע ל י ג מ אַ ן.

XV. א. ס. ט ו ר ג ע נ ע ו ו – מומו און אַנד. דער־ציילונגען – פון רוסיש – ב. ס ל ו צ ק י.

XVI. אין דער תקופה פון רעוואָלוציע – זאַמלבוך.

XVII. פנקס אוקראַינע – זאַמלבוך.

## די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק
### פון ש. ד ו ב נ אָ ו ו

צ ו ו י י ט ע ר ב אַ נ ד – די תקופה פון דער ערשטער רעאַקציע (1815–1848) און די תקופה פון דער צווייטער עמאַנ־סיפּאַציע (1848–1881)

ד ר י ט ע ר ב אַ נ ד – די תקופה פון דער צווייטער רעאַקציע (1881–1914)

ס'גרייט זיך צום דרוק:

# די אלגעמיינע געשיכטע פון יידישן פאָלק

פון ש. דובנאָוו

אין אַן איבערגעאַרבעטער און פאַרברייטערטער אויפ־לאַגע, וואָס וועט ערשיינען אין די יאָרן 1923—1924 אין פאָלגענדן סדר:

*

**ערשטער באַנד** — די מזרח־תקופה: פון די על־טסטע צייטן ביזן סוף פון דער פער־סישער הערשאַפט (332 י. פאַר קריסט.)

**צווייטער באַנד** — די מזרח־תקופה: פון דער גריכישער הערשאַפט ביזן פאַלן פון דער יידישער מלוכה (332 י. פאַר קריסטוס - 172 י. נאָך קריסט.)

**דריטער באַנד** — די מזרח־תקופה: די רוימיש־ביזאַנטישע און פערזיש־אַראַבישע הערשאַפט אויף מזרח ביז די קרייץ־צוגן (73 - 1096 י. נאָך קריסט.)

**פערטער באַנד** — די מערב־תקופה: מיטלעלטער — פון דער ערשטער קאָלאָניזאַציע פון אייראָפּע ביזן סוף פון די קרייץ־צוגן (XII יאָרה.)

**פינפטער באַנד** — די מערב־תקופה: דאָס שפּע־טערע מיטלעלטער ביזן פאַלן פונם יידישן צענטר אין שפּאַניע (1215-1492)

**זעקסטער באַנד** — נייע צייט: די צעזייטקייט פון די ספרדים און די העגעמאָניע פון די אשכנזים (1492 - 1648)

**זיבעטער באַנד** — נייע צייט: די דייטש־פּוילישע הערשאַפט פון דער איבערגאַנגס־צייט (1648 1789)